# די יודישע פֿאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל פֿיר ליטעראַטור און וויסענשאַפֿט.

פֿערלאַג: חברת „אחיאסף".

טבת תרס"ב * ערשטעס העפֿט. * JANUAR 1902.

אבאנאמענטס־פרייז

פֿיר עסטרייך־אונגאַרן:

יעהרליך . . . . 10.— קראָנען

האַלביעהרליך . . . 5.— „

פיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפֿט 80 העללער.

פרייז פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פֿון דער צייטונג „דער יוד": נור — $3\frac{1}{2}$ קראָנען (מיט פאָרטאָ (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פֿראַנק).

דער פרייז פֿיר רוסלאַנד:

גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל

האַלביעהרליך . . . . 2 „

פיערטיליעהרליך . . . 1 „

פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פֿון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פאָרטאָ 1.50).

פרייז פֿיר יעדעס העפֿט — 40 ק.

פרייז פֿון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, $\frac{1}{2}$ זייטע 12 ר.

$\frac{1}{4}$ זייטע 6 רובל, $\frac{1}{8}$ זייטע 3 ר.

אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie"
Krakau, Gertrudy 16.

פֿיר רוסלאַנד:

Изд. Ахіасафъ, Варшава.

## אינהאלט:



קראקא

דרוק פֿאָן יוסף פֿישער (גראָדגאַססע 62).

# די יודישע פֿאַמיליע.

שוין לאַנג האָט בעדאַרפֿט ביי אונז זיין אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל פֿיר ליטעראַטור און וויסענשאַפֿט אין דער שפּראַך וואָס אונזער פֿאָלק פֿערשטעהט און רעדט.

שוין לאַנג, נאָר מיר פֿערשפּעטיגען שטענדיג.

אַלעס וואָס ביי אַנדערע ווערט געטהון פֿאַר'ן פֿאָלק אין דער צייט, טהוען מיר ערשט דערנאָך, שפּעטער.

שטענדיג פֿערשפּעטיגען — איז שוין דאָס יודישע ביטערע מזל.

נאָר בעסער שפּעטער ווי קיין מאָל ניט. טהון גוטס און ניטצליכעס איז קיין מאָל ניט צו שפּעט.

פֿאַר אַנדערע פֿעלקער ווערט הערויסגעגעבען ספּעציעל פֿיר דאָס פֿאָלק; צייטונגען, זשורנאַלען, ביכער און ביכליך.

מיט דעם אַלעמען פֿערנעמען זיך די העכערע קלאַסע, די בעסטע מענשען, די געבילדעטסטע טאַלענטפֿאָלסטע און פֿעהיגסטע לייט.

זיי טהוען אַלע מעגליכקייטען אַז די אַלע ניטצליכע אויסגאַבען זאָלען אָנקומען אין די ווייטעסטע, פֿערדיקטע ווינקעליך פֿון פֿאָלק אום אַרויסצושטופּען די פֿינסטערע מאַרק־ליטעראַטור וועלכע הערשט פֿון לאַנגע יאָהרען צווישען יעדען פֿאָלק. זיי ראַנגלען זיך און פֿיהרען אַ גרויסע מלחמה מיט דעם געוויסען סאָרט בוכהאַנדלערס וועלכע האָדעווען פֿון לאַנגע יאָהר מיט זייער פֿינסטערע ליטעראַטור — פּוסטע מעשות, וועלכע פֿערדערבט דעם געשמאַק, דעם כאַראַקטער און פֿערטומעלט דעם מוח.

דאָס איז אַ מלחמה פֿון ליכט מיט פֿינסטערניש.

די דאָזיגע מלחמה געגען פֿינסטערניש פֿיהרען מיט גרויס גבורה די העכערע קלאַסען, די געבילדעטע, די אינטעלעגענץ, זייער געוועהר איז — ניטצליכע אויסגאַבען פֿיר דעם פֿאָלק.

דאָס אַלעס קומט פֿאָר ביי זיי — ביי אַלע אַנדערע פֿעלקער.

און ביי אונז? — ביי אונזער פֿאָלק הערשט אַ פֿינסטערניש און קיינער שטערט ניט דאָס פֿינסטערקייט זיך צו פֿערגרעסערען.

די יודישע פּאַדריאַטשיקעס מיט זייער מאַרק ליטעראַטור געוועלטיגען, און אונזערע פּאַקענטרענער טראָגען אַרום אין די יודישע הייזער פֿון פֿאָלק גאַנצע פּעק מיט דער שעדליכער סחורה, און דאָס פֿאָלק חאַפּט און האָדעוועט זיך מיט זייער ליטעראַטור.

דאָס יודישע פֿאָלק לייענט אַ סך, נאָר וואָס לייענט עס?

געהט אַריין אין די יודישע בוכהאַנדלונגען וועט איהר זעהן ווי אַלע פּאליצעס
זענען פֿול מיט טויזענטער, צעהנער טויזענטער זשאַרגאָן ביכער און ביכליך. נאָר
איין ניי רעכט ביכיל צווישען די צעהן טויזענטער וועט איהר זעלטען געפֿינען, די
פֿולע פּאליצעס ביכער זענען דיזעלבע אלטע מעשות מיט די שרעקליכע ראָמאַנען
וואס די הונדערטער גרויסע און קליינע ראָמאַנען־מאַכערס האָבען אַמאָל געשריע־
בען און ווערען אַלע פּאָר יאָהר איבערגעדרוקט מיט אַ נייעם נאָמען און מיט אַ ניי יאָהר.
דער פּראָסטער לעזער זעהט אַ נייעם נאָמען קויפֿט ער עס פֿאַר אַ ניי ביכיל, און
בעמערקט אפילו ניט דערנאָך ביים לעזען אַז מען האָט איהם אָבגענאַרט... אַלע
בחורים און מיידליך זענען אין די ראָמאַנען גלייך, נור אַ ביסיל אַנדערש געשלייערט.
אַלע ביכליך דאַרפֿען זיך ענדיגען מיט אַ חתונה אָדער מיט אַ שרעקליכען טוידט.
און ער קויפֿט דאָס דריטע און צעהנטע מאָל דאָסזעלבע ביכיל מיט אַ דריטען,
צעהנטען נייעם נאָמען.

צו דעם אַלעמען איז נאָך אין די לעצטע יאָהרען אַנשטאַט די היימישע
„ראָמאַנען” אויך צוגעקומען די אַמעריקאַנישע ביכער, סעפּעראַט־אבדרוקען פֿון דער
דאָרטיגער גאַסען־ליטעראַטור.

אָט מיט די אויסגערעכענטע שפּייזען האַדעווען די פּאַדריאַטשיקעס און
פּאַקענטרענער דאָס יודישע פֿאָלק זייט יאָהרען לאַנג און דאָס פֿינסטערניש פֿער־
ברייטערט זיך פֿון טאָג צו טאָג.

און וואָס טהוען אונזער העכערע קלאַסע — די יודישע אינטעליגענץ? וואָס
פֿאַר אַ מיטעל האָבען זיי געטהון געגען דעם? — גאָר נישט מיט גאָר נישט.

זעהט איהר, אין די לעצטע 20—25 יאָהר ווען עס זענען אַרויסגעטרעטען
אַ צעהנדלינג שרייבער מיט אַ פּאָר הערויסגעבער און אָנגעהויבען זיך ראַנגלען מיט
דער פֿינסטערניש וואָס הערשט אין דער יודישער ליטעראַטור, איז מען יעדעס מאַל
אָנגעפֿאַלען אויף דער נייער זשאַרגאָן־ליטעראַטור מיט איין געשריי, אַז ווי באַלד
אין זשאַרגאָן האָבען אָנגעהויבען טאַלענטפֿאלע שרייבער און מען גיט הער־
רויס ניטצליכע ווערק וועט דורך דעם פֿאַלען די העברעאישע ליטעראַטור.

אַזאַ געשריי האָבען מיר אויך געהערט יעדעס מאל ווען עס האָט אָנגעהוי־
בען הערויסגעהן אַ יודישע צייטונג פֿיר דאָס פֿאלק אין זשאַרגאָן אָדער יאָהרביכער,
וואו עס האָבען אָנגעהויבען מיטאַרבייטען די בעסטע שרייבער וועלכע געפֿינען זיך
נור צווישען יודען.

פֿול מיט גאַל האָבען זיי זיך יעדעס מאָל געוואָרפֿען אויף דעם זשאַרגאָן
וואָס דאָס פֿאָלק פֿערשטעהט און רעדט און אַלדעס בייז אויסגערעדט.

דאָסזעלבע געשריי ערוואַרטען מיר אויך איצטער פֿאַר וואָס די זשאַרגאָני־
שע ליטעראַטור ווערט פֿערגרעסערט מיט אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל פֿיר דאָס פֿאָלק.

שוין זשע פֿרעגט זיך, איז בעסער דאָס פֿאָלק זאָל זיך אויסהאָדעווען אויף
דער מאַרקליטעראַטור און אָמעריקאַנישע ראָמאַנען ווי ניטצליכע ביכער אָדער אַ
צייטונג צי אַ זשורנאַל?

שוין זשע דארפען מיר זיך גאר ניט ראנגלען און שטעהן פון דערווייטענס און קאלטבלוטיג צוזעהן מיט וואס, אימשטיינס נעזאגט, אונזער פאלק שפייזט זיך גייסטיג?

ניין, טויזענט מאל ניין. מיר האבען זיך קיינמאל ניט אומגעקוקט אויף די פוסטע געשרייען און געטהון געטריי אונזער ארבייט.

ניט ווייניגער ווי די אלע שרייערס — גאטס סטראפטשעס פאר דער העב־רעאישער ליטעראטור, איז אונז ליעב, טייער און היילינ די העברעאישע שפראך. מיר וואלטען די ערשטע זעלבסט גענומען דאס פעקיל זשארגאן און אריינגעווארפען אין פייער אז עס זאל קיין זכר ניט בלייבען ווי נאך בדיקות המץ. דאן ווען עס וואלט נור מעגליך געוועזען דאס יודישע פאלק זאל אנהויבען רעדען העברע־איש און עס זאל זיין ביי איהם א לעבעדיגע שפראך.

גאר דאס איז אבער דערוויייל אליין זיסע חלומות, פאנטאזיעס. א שפראך אויף וועלכע א פאלק רעדט 5—6 הונדערט יאהר און לעבט אין איהר קען מען ניט אזוי גרינג הרוב מאכען, די שפראך וואס דאס פאלק רעדט מוז ווילענדיג־ניט־ווילענדיג לעבען מיט איהם צוזאמען. אויסער דעם פערמאנט דער יודישער זשארגאן זיינע שרייבער, זיין ליטעראטור און זיין געשיכטע. א שפראך וואס פערמאגט דאס אלעס מוז לעבען.

און דעריבער איז דאס אונזער היילינער חוב רעדען צום פאלק דוקא מיט דער שפראך וואס ער רעדט און פערשטעהט, כדי איהם די נייטהיגע נוטצען צו ברייננען.

מיר גלויבען אין דעם.

און מיט דער דאזיגער אמונה טרעטען מיר צו צו דעם נייעם יודישען זשור־נאל: „די יודישע פאמיליע“.

מיר ווילען אז דאס פאלק זאל זיך געפינען אין א העכערען שטאנד ווי איצ־טער, נאר אז מען וויל אימעצען אויפהויבען מוז מען זיך פריהער אנבויגען צו איהם, דערום וועלען מיר אין אונזער זשורנאל רעדען אין אזא פארמע וואס ער זאל פער־שטעהן און מיט אזא לשון ווי ער רעדט.

מיר ווילען אז פריהער פאר אלעמען זאל דאס פאלק וויסען און קענען זיין אייגען לעבען מיט זיינע פעהלער און מעלות און דאס וועט ער געפינען אין די ראמאנען, ערצעהלונגען און ריכטיגע לעבענסשילדערונגען וועלכע וועלען אריינקומען אין אונזער זשורנאל.

מיר ווילען דעם יודען בעקאנען מיט זיין פערגאנגענהייט און מיט די אידע־אלען אין וועלכע דאס יודישע פאלק לעבט און האפט אין זיין צוקונפט. און דע־ריבער וועלען מיר געבען היסטארישע ערצעהלונגען, אויך לעבענסבעשרייבונגען פון גרויסע מענשען וועלכע האבען שטענדיג געזארגט און געטהון פאר דער עקזיסטענץ פון פאלק און פאר זיין צוקונפטיגעס לעבען.

מיר ווילען אז דער יוד זאל קענען די וועלט און דאס לעבען פון אלע פעלקער וועלכע לעבען אין איהר. דערום וועלען מיר געבען רייזעבעשרייבונגען אין

די ווייטע מדינות, אויך בעשרייבונגען וועגען אונזערע ווייטע ברידער וועלכע לעבען צוזייעט און צושפרייט צווישען אַנדערע פֿעלקער און איבערהויפט וועגען דעם לע־בען אין ארץ ישראל.

מיר געפֿינען פֿאַר נייטהיג צו בעקאַנען אונזערע לעזער מיט אַלעס וואָס איז געוועזען און וואָס עס געפֿינט זיך אין דער וועלט און לעבט אין דער נאַטור, וואַס איז געזונד פֿאַר דעם מענשען און וועלכס איז שעדליך. צו דעם צוועק וועלען מיר געבען פאפולערע היסטאָרישע און וויסענשאַפֿטליכע אַרטיקלען, אויך בעשרייבונגען פֿון דער נאַטורגעשיכטע.

מיר ווילען אויך בעקאַנען די לעזער מיט אַלעס וואָס עס קומט פֿאַר אין אונזער ליטעראַטור, און אויך וועגען נייע ווערק אין אַנדערע שפראַכען וועלכע רעדען וועגען יודען.

עס איז בעוואוסט אז ווי דאס יודישע לעבען איז טרויריג, האָט אַ יוד ליעב צו הערען אַ גלייך וואָרט, אַ יודישען וויטץ. גוטע ווערטע־ און שכל׳דיגע רעד מאַכען וויך דאָס פֿערביטערסטע האַרץ, דעריוף האָבען מיר אָבגענעבען אין זשורנאַל אַ בעזונדער אַבטהייל׳ונג וואו עס וועט זיך געפֿינען אנעקדאטען, גלייכע ווערטליך, פֿאָלקסליעדער און שפריכווערטער.

דעסטגלייכען וועלען די לעזער געפֿינען אין אונזער זשורנאַל נייע ערפֿינדונ־גען און ניטצליכע ידיעות וואָס יעדער מענש דאַרף וויסען אין זיין הויז, זיין פֿאַמיליע.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט טרעטען מיר צו צו אונזער זשורנאַל מיט אַ שטאַרקען רצון נוטצען צו ברייננגען אונזער פֿאָלק דורך זיין שפּראַך וואָס ער רעדט און פֿערשטעהט.

די אמונה און דער גוטער ווילען איז ביי אונז נאָך שטאַרקער געוואָרען אַ דאַנק וואָס אונזערע בעסטע שרייבער האָבען זיך אָנגערופֿען אונז מיטצוהעלפֿען אין אונ־זער צוועק, צו וועלכען מיר געבען דעם נייעס יודישען זשורנאַל.

יעדער אָנהויב איז שוועד, נאָר מיר האָפֿען ביסליכווייז קומען צו אונזער צוועק וואָס מיר האָבען אויסגעקליבען און האָפֿען אז אונזער זשורנאַל „די יודישע פֿאַ־מיליע“ וועט זיין בעליעבט צווישען אַלע קלאַסען מענשען ביי וועלכע עס איז טייער די נוטצען פֿון אונזער פֿאָלק.

די רעדאקציע.

# אויפ'ן פידעל.

ערצעהלונג פון די קינדער יאָהרען.

פון

## שלום עליכם.

---

### א.

— היינט וועל איך אייך, קינדער, שפּיעלען אביסיל אויפ'ן פידעל, נישטא, אזוי דאַכט זיך מיר, קיין שענערס און קיין בעסערס ווי אז מע קען שפּיעלען אויפ'ן פידעל. וואָס, אפשר נישט אַזוי? איך ווייס נישט ווי אזוי איהר — איך, פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, בין איך אויסגעגאַנגען נאָך א פידעל און האָב ליעב געהאַט גלאַט כלי־זמר ווי דאָס לעבען! איז געוועז ערגיץ אַחתונה אין שטעדטיל, בין איך געוועזן דער ערשטער וואָס איז געלאָפען מקבל פנים זיין די כלי־זמר, זיך פערגנבה'נען פון אונטען צום קאָנטרבאַס, אַ ציה טהון ביי דער גראָבער סטרונע — בום! און אַנטלויפען. בום! און אַנטלויפען. פאַר דעם דאַזיגען „בום" האָב איך אַמאַל געהאַפּט פון בעריל באַס אַ מאוסען פסק. בעריל באַס, אַ בייזער יוד מיט אַ צעפלעצטער נאָז און מיט אַ שאַרפען קוק, האָט זיך געמאַכט ווי ער זעהט ניט אז איך גנבה זיך צום קאָנטרבאַס, און בשעת איך האָב אויסגעצויגען די האַנט צו דער גראָבער סטרונע האָט ער מיך אַנגעהאַפּט פאַר'ן אויער און אָבגעפיהרט מיך מיט כבוד גלייך צו דער טיר:

— נאַ, שיינעץ איינער, קוש די מזוזה!

דאָס האָט מיך אָבער ווינציג וואָס אַנגעלערענט. איך האָב נישט אָבגעטראָטען פון די כלי־זמר אויף קיין האָר, איך האָב זיי ליעב געהאַט אַלע, פון שייקע פידעלי מיט דער שענער שוואַרצער באָרד און מיט די דינע ווייסע פינגערליך, ביז געצי פייקלער מיט'ן שענעם האָרב און מיט'ן היבשען איך בעט איבער אייער כבוד פליך איבער די אויערען. נישט איינמאָל בין איך געלעגען אונטער אַ באַנק און געהערט ווי די כלי־זמר שפּיעלען, וואָרום מע האָט מיך געטריבען אַהיים, און פון דאָרטען, פון אונטערן באַנק געקוקט אויף שייקעס דינע פינגערליך ווי זיי טאַנצען איבער די סטרונעס, און זיך צוגעהערט צו די זיסע קולות, וואָס ער האָט אַזוי קונציג אַרויס־בעקומען פון זיין פידעלי.

א צעקאכטער פלעג איך נאכדעם ארומגעהן עטליכע טאג כסדר, און שייקע מיט'ן פידעלי איז מיר געשטאנען פאר די אויגען. ביינאכט האב איך איהם געזעהען אין חלום און בייטאג אויף דער וואהר — ער איז מיר נישט ארויס פונ'ם קאפ. אז קיינער האט נישט געזעהען פלעג איך מיר פארשטעלען אז איך בין שייקע פידעלי, אויסביינען די לינקע האנד און מאכען מיט די פינגער און געבען א פיהר מיט דער' רעכטער האנט ווי מיט'ן סמיק, בשעת מעשה פערווארפען דאס קעפיל אויף א זייט, די אויגען אביסעלע צוגעמאכט, — פונקט ווי שייקע, ס'זאל דאס פעהלען א האר!

האט דערזעהן דער רבי נטע־לייב — ס'איז געווען סאמע ביים לערנען — אז איך מאך עפים מיט די הענט און פערוואַרף דאס קעפיל און גלאנץ מיט די אייגליך, האט ער מיר אבגעשטעקט א רעכטען פאטש:

— א הולטיי קאן! מע לערענט מיט איהם קמץ־אלף, האפט ער פליגען!

ב.

איך האב מיר נעגעבען דאס ווארט, עס מעג זיך קעהרען די וועלט, איך מוז האבען א פידעלי, עס מעג מיך קאסטען מי יודע וואס! נאר פון וואס מאכט מען א פידעל? געווינטליך פון „טענענהאלץ“. ס'איז אבער גרינג אויסצורעדען טענענהאלץ! וואו קרוגט מען דאס דאזיגע האלץ, אז בסך הכל וואכסט דאס זאגט מען נור אין ארץ־ישראל? וואס טהוט גאט? ניט ער מיר אריין אזא מחשבה. ביי אונז איז געווען איין אלטע קאנאפע, א ירושה קאנאפע נאך פונ'ם זיידען רב אנשיל, וואס איבער איהר האבען זיך געשלאגען מיינע צוויי פעטערס מיט'ן טאטען עליו השלום. דער פעטער בעני האט געטענה'ט, אז ער איז דער עלטע־ער זוהן, קומט איהם די קאנאפע; און דער פעטער סענדיר האט געטענה'ט, אז ער איז דער יונגסטער, קומט איהם די קאנאפע, און דער טאטע עליו השלום האט געטענה'ט, אז ער איז טאקי נישט מעהר ווי איין איידעם, האט ער אויף דער קאנאפע קיין שליטה ניט, נאר אזוי ווי זיין ווייב, דאס הייסט די מאמע מיינע, איז א בת יחידה, קומט איהר די קאנאפע. דאס איז איין מאל אוועק. והשנית שטעהט די קאנאפע ביי אונז אין שטוב. איז די קאנאפע אונזער קאנאפע, האבען זיך אריינגעמושט ביידע מומעס, די מומע איטקע און די מומע זלאטקע, און האבען אנגעפיהרט א רכילות פון איינעם צום אנדערען, קאנאפע־קאנאפע. די ישטאדט האט זיך געוויגט מיט דער קאנאפע! — בקצור די קאנאפע איז געבליבען אונזער קאנאפע.

די דאזיגע קאנאפע איז געווען א פשוטע א הילצערנע קאנאפע, נאר בעצויגען פון אויבען מיט א דין האלץ, וואס איז אין עטליכע ערטער אבגעשטאנען, געווען אויפגעבלאזען ווי א פידפאליק: אט דאס אויבערשטע האלץ, וואס איז אבגעשטאנען, איז געווען דאס אמת'ע „טענענהאלץ“, וואס געהט אויף פידלען. אזוי האב איך געהערט זאגען אין חדר. איין הסרון האט די קאנאפע געהאט, און דער דאזיגער חסרון איז געווען א מעלה, דהיינו: אז מע האט זיך אויף איהר אנידערגעזעצט האט מען נישט געקאנט אויפשטעהן, מחמת זי איז געשטאנען אביסיל באַרג אראב, פון

איין זייט משופע׳דיג און אין מיטען מיט א גרוב. איז אָבער געווען די מעלה, וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט זיך זעצען אויף איהר, האָט מען זי אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל, געגעבען אַ „טשיסטאַ אָטסטאַווקע״.

אָט אויף דער קאַנאַפּע האָב איך געוואָרפען איין אויג. אַ סמיטשיק האָב איך מיר צונעגרייט נאָך פון לאַנג. איך האָב געהאַט אַ חבר שימעלי, יודעל דעם בעל-העגלה׳ס, האָט ער מיר צוגעזאָגט עטליכע האָר פון׳ם טאַטענס פערדס ווידיל. און זשיוועצי אויף צושמירען דעם סמיטשיק האָב איך אויך געהאַט; איך האָב פיינט געהאַט זיך פערלאָזען אויף נסים; איך האָב דאָס אויסגעביטען ביי מיינם אַ חבר מאיר-ליפּא-שרה׳ס אויף אַ שטיקיל שטאָל פון דער מאַמעס קראַנאָלינע וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפ׳ן בוידעם. פונ׳ם שטיקיל שטאָל האָט נאָכדעם מאיר-ליפּא-שרה׳ס געמאַכט זיך אַ מעסעריל, פון ביידע זייטען גוט אָנגעשאַרפט. האָב איך אפילו חשק געהאַט זיך אָבבייטען מיט איהם צוריק, האָט ער ניט געוואָלט; ער האָט זיך צושרינען:

— אַ חכם אַיוד! וואָס זאָגט איהר אויף זיין טאַטען? איך האָרעווע אָב דריי געכט, איך שאַרף און צישניידט זיך אלע פינגער שאַרפענדיג, קומט ער איצטער צוגעהן און וויל זיך אָבבייטען צוריק!

— קוק איהם אָן אביסיל! — זאָג איך — נו דאַרף מען ניט! אַ טהייערע מציאה אַ שטיקיל שטאָל! קאָרג שטאָל וואַלגערט זיך ביי אונז אויפ׳ן בוידעס? עס וועט האַפּען אויף קינדער און קינדס קינדער!

הכלל איך האָב געהאַט אַלסדינג וואָס מע בעדאַרף. עס איז געבליבען נור איין אַרבייט: קאַלופּען דאָס „טענעהאָליך״ פון דער קאַנאַפּע. איך האָב אויסגעקליבען דערויף זעהר אַ וואוילע צייט; בשעת די מאַמע איז געווען אין קלייט און דער טאַטע האָט זיך נאָכ׳ן עסען צוגעלייגט שלאָפען, האָב איך זיך פערקליבען אין ווינקעל אַריין מיט אַ צוויאַק און האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט גאַניץ געשמאַק. האָט דער טאַטע דערהערט דורכ׳ן שלאָף וויעמיצער באַרעט זיך, האָט ער פריהער געמיינט אַ פּנים, אז ס׳איז מייז אין שטוב, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען פון דאָרטען: קוש! קוש! איך בין געבליבען אַ געשטאָרבענער... דער טאַטע האָט זיך איבערגעקעהרט אויף דער אַנדערער זייט, און אַז איך האָב דערהערט אַז ער הראָפּעט האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט. פּלוצים — איך טהו אַ קוק — דער טאַטע שטעהט און קוקט אויף מיר מיט מאָדנע אויגען. עס ווייזט אויס אַז תחילת האָט ער בשום אופן ניט פערשטאַנען וואָס דאָס איז. נאָכדעם אַז ער האָט דער׳זעהען די צעקאַרדאַשעטע קאַנאַפּע, האָט ער מיך אַרויסגעצויגען פון דאָרטען פאַר׳ן אויער און האָט מיך אַזוי נעשלאָגען, אַז מע האָט מיך בעדאַרפט מונטערען, פשוט אָבגיסען מיט קאַלט וואַסער.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסט דו געטהון מיט׳ן קינד, האָט די מאַמע געוויינט מיט טרעהרען אויף די אויגען.

— דער קדיש דיינער! ער וועט מיך אריינטרייבען א לעבעדיגען אין דער ערד אריין! — זאָגט דער טאַטע בלאַס ווי די וואַנט, האַפּט זיך פאר'ן הארצען און פערהוסט זיך אויף עטליכע מינוט.

— וואָס זשע דארף מען זיך אזוי אָבעסען דאָס האַרץ? — זאָגט צו איהם די מאַמע — ביזט אַזוי אויך אַ קראַנקער! טהו אַ קוק וואָס פאר אַ פּנים דו האָסט. אזא יאהר אויף מיינע שונאים!

ג.

דער חשק צו שפּיעלען אויפ'ן פידעל איז געוואַקסען מיט מיר אינאיינעם. וואָס עלטער איך בין געווארען איז דער חשק געוואָרען נאָך גרעסער, און ווי אויף צו להכעיס האָב איך בעדאַרפט אַלע טאָג האָרכען כלי־זמר. פונקט אויפ'ן מיטען וועג, צווישען דער היים און צווישען חדר, איז געשטאַנען אַ קליין שטיבעל מיט ערד גערעקט, פלעג זיך פון דאָרטען תמיד לאָזען הערען פערשידענע קולות און געזאַנ־גען פון אַלערליי כלים, און מעהרסטענטהייל קולות פון אַ פידעל. דאָרטען איז גע־זעסען אַ כלי־זמר נפתלצי בעזבאָראָדקע, אַ יוד מיט איין אונטערגעהאַקטע קאַפּאָטע, מיט אונטערגעבוינענע פאות און מיט אַ געפּ־עסטען קאָלנער: אַ נאָז האָט ער גע־האַט אַ היבשע, אויסגעזעהען ווי אַ צונעקליבטע, ליפּען גראָבע, צייהן שוואַרציי, דאָס פּנים געשטיפּעלט און אָהן אַ סימן פון אַ באָרד, — און דערפאַר טאַקי האָט מען איהם גערופען „בעזבאָראָדקע". אַ ווייב האָט ער געהאַט אַ מאַשינע, האָט מען זי גערופען „די מוטער חוה", און קינדער איז ביי זיי געווען אַ טייך אָנגערהאַלבען, אויב נישט מעהר, אָבגעריסענע, האַלבנאַקעטע און באָרוויסע, און אַלע, פון'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען, האָבען זיי געשפּיעלט, דער אויפ'ן פידעל, דער אויף דער „אַלט", דער אויפ'ן באַס, דער אויפ'ן טרומייט, דער אויפ'ן פלייט, דער אויפ'ן פאַגאָט, דער אויף דער אַרפע, דער אויפ'ן צימבעל, דער אויף דער באַלאַלאַייקע, דער אויפ'ן פויק, דער אויף די טאַצען. צווישען זיי זענען געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבען געקאָנט אויספּייפען דעם גרעסטען נגון מיט די ליפען, אויף די צייהן, אויף גלעזע־ליך אָדער אויף טעפליך, אויף שטיקליך האָלץ, אָדער גאָר אויף די באַקען — שדים, רוחות און גאָר!

מיט'ן דאָזיגען געזינדיל האָב איך מיך בעקאַנט גאָר אומגערעכט. איך בין געשטאַנען איין מאָל ביי זיי אונטער'ן פענסטער, זיך אונטערגעהערט ווי זיי שפּיע־לען, האָט איינער פון די עלטערע קינדער, פּיני דער פלייטיסט, אַ בחור פון אַ יאהר פיפצעהן, גאָר אַ באָרוויסער, מיך דערזעהען שטעהן, איז ער אַרויסגעגאַנגען צו מיר און פרעגט מיך, צי עס געפעלט מיר זייער שפּיעלען?

— הלואי — זאָג איך — וואָלט איך אין צעהען יאָהר אַרום אַזוי געשפּיעלט!

— קאָנסט דאָס אויספיהרען — מאַכט ער צו מיר און גיט מיר אָנצוהע־רעניש, אַז פאַר צוויי קאַרבען אַ חודש וועט מיך דער טאַטע זיינער אויסלערנען שפּיעלען, און אויב איך וויל וועט ער מיך לערנען, דער זוהן הייסט דאָס.

— אויף וואס פאר אינסטרומענט — מאכט ער — וואלסט דו געוואלט שפיעלען, אויפ'ן פידעל?

— אויפ'ן פידעל.

— אויפ'ן פידעל — מאכט ער — נעם איך ביי דיר סך הכל פינף גילדען א חודש, און דער טאטע וועט נעמען ביי דיר נישט ווינציגער פון צוויי קארבען, און אפשר טאקי אלע דריטהאלבען. קאנסט צאהלען דריטהאלבען קערבליך א חודש? צי דו ביזט אזא כתריליק ווי איך?

— קאנען קאן איך — זאג איך — נאר וואס דען? עס טאר נישט וויסען דערפון נישט דער טאטע, נישט די מאמע, נישט דער רבי.

— חס וחלילה! — מאכט ער — ווער דארף דאס גערן אויספויקען? אפשר געפינט זיך ביי דיר א ציגאר טוטין, אדער א פאפיראס? ניין? דו רויכערסט נים? אנטלייה זשע מיר א פיטאקיל, וועל איך מיר אליין קויפען פאפיראסען. נאר זאלסט ניט זאגען קיינעם, מחמת דער טאטע טאר נישט וויסען אז איך רויכער, און די מאמע וועט געוואהר ווערען אז איך האב געלד וועט זי דאס גלאט צונעמען אין קייפען בייגיל אויף אנבייסען. קום אין שטוב אריין, וואס וועלען מיר דא אום'שטעהן?

---

ד.

מיט גרויסע פחדים, מיט א קלאפענדיג הארץ און מיט ציטערנדינע פיס האב איך אריבערגעשפאנט די שוועל פון דאזיגען קליינעם גן־עדן.

מיין נייער חבר פיני האט מיך פארגעשטעלט פאר'ן פאטער:

— שלום־נחום־וועוויקס, א נגיד'ס א יונגיל, האט חשק לערנען אויפ'ן פידעל.

נפתלצי בעזבאראדקע האט אונטערגעבויגען די פאות, צורעכט געמאכט דעם קאלנער, פערשפילעט די קאפאטע און פערבונדען מיט מיר א ברייטען שמועס מכח שפיעלען בכלל און אויפ'ן פידעל בפרט, גענעבען מיר צו פערשטעהן אז פידעל איז די בעסטע און די שענסטע פון אלע כלים, עלטערס און חשוב'ערס פון פידעל איז שוין גאר נישט דא אויף דער גאנצער וועלט. א סימן האב איך, פאר וואס עפיס דערעזשירט תמיד די פידעל, ניט דער טרומייט, אדער די פלייט? מחמת פידעל — דאס איז די מאמע פון אלע כלים.

אזוי האט מיר נפתלצי בעזבאראדקע געלייענט א גאנצע לעקציע פון מוזיק, געמאכט בשעת מעשה מיט די הענד און מיט דער נאז, — און איך בין געשטאנען און געקוקט איהם אין מויל אריין, בעטראכט די שווארצע ציינער זיינע און גע־שלונגען, ממש געשלונגען די ווערטער.

— פידעל, פערשטעהסט דו מיך, — זאגט צו מיר ווייטער נפתלצי בעזבא־ראדקע, און איז צופריעדען א פנים מיט דער לעקציע. — פידעל פערשטעהסט די מיך, איז אזא כלי וואס איז עלטער פון אלע כלים. דער ערשטער פידלער אויף דער וועלט איז געוועזן תובל קין, צי מתושלה, איך געדענק שוין ניט אקוראט. די קעהרסט בעסער וויסען, דו לערנסט דאך מסתמא אין חדר? דער אנדערער פיד־

לער איז געווען דוד המלך. נאך איינער, א דריטער, איז געווען, פאגאניני האט ער געהייסען, אויך א יוד; אלע בעסטע פידלער אויף דער וועלט זענען געווען יודען. למשל סטעמפעני, פדהצור. פון זיך רעד איך ניט. מע זאגט אז איך שפיעל ניט שלעכט אויפ'ן פידעל; נאר ווי קום איך צו פאגאנינין? פאגאניני, זאגט מען, האט פערקויפט דעם אשמדאי די נשמה פאר'ן פידעל. פאגאניני האט פיינד געהאט שפיע־לען פאר גרויסע מענשען, מלכותים און פויבסטען, האטש מע פלעג איהם אָב־גילדען. ער האט בעסער ליעב געהאט שפיעלען פאר אָרימע לייט אין אלע שיינק־ליך, אין אלע דערפער, אָדער גאר אין די וועלדער פאר היות און עופות. אט וואס פאר א פידלער פאגאניני איז געווען... עי, הברה־פלעציל, צו די כלים!

אזוי האט נפתלצי בעזבאָראָדקי אויסגערופען צו זיין קאמאנדע קינדער, וואס זענען זיך צונויפגעקומען אלע אין איין מינוט, גענומען זיך איטליכער צו זיין אינ־סטרומענט. נפתלצי אליין איז אויפגעשטאנען, א זעץ געטהון מיט'ן סמיק אין טיש אריין, געוואָרפען א שארפען קוק אויף איטליכען בעזונדער און אויף אלע מיט א מאָל — און מע האט א שפיעל געטהון א קאָנצערט אויף אלערליי אינסטרומענ־טען מיט אזא כח, אז איך בין שיער ניט אומגעפאלען פון די פיס. איטליכער האט זיך געפלייסט איבערשרייען איינער דעם אנדערען, און מעהר פון אלע האט מיך פערשריגען איינער א קליינער, וואס האט געהייסען העמעלי, א טרוקען יונגעלי מיט א נאס נעזעלי און מיט בארויסע אנגעדראָלענע פיסליך. העמעלי האט געשפיעלט אויף א משונה מאָדנע כלי, עפיס א מין זאק אזעלכער, וואס אז מע בלאזט איהם אָן, לאזט ער נאכדעם ארויס א משונה קול, א מאָדנעם קוויטש, ווי א קאץ בשעת מע טריט איהר אָן אויפ'ן וויידיל. העמעלי האט מיט'ן בארויסען פיסיל אויסגע־שלאגען טאקט, געקוקט די גאנצע צייט אויף מיר מיט קליינע גנבה'שע אייגעליך און אונטערגעווינקען, ווי איינער רעדט: „אבער א יא איך בלאז גוט?" נאר מעהר פון אלע האט געארבייט נפתלצי אליין; ער האט אי געשפיעלט, אי געדערעושירט. געארבייט מיט די הענד, מיט די פיס, מיט דער נאז און מיט די אויגען און מיט'ן גאנצען גוף, און טאָמער חלילה האט עמיצער געמאכט א פעהלער, האט ער א קריי'ן געטהון מיט די צייהן און א זאג געטהון מיט כעס:

— פאָרטאָ, פארחוץ, פאָרטאָ — פאָרטיסימאָ!... טאקט, ממזר, טאקט!... איינס צוויי דריי! איינס צוויי דריי!...

## ה.

אָבגעמאכט מיט נפתלצי בעזבאָראָדקי פאר דריי מאָל אין דער וואָך אנדערט־האלבען שעה אין טאָג צוויי קערבליך א חודש, בעט איך איהם נאך אמאָל און נאך אמאָל עס זאָל זיין בסוד סודות, א ניט בין איך א פערפאלענער. ער גיט מיר זיין עהרענוואָרט, אז עס וועט נישט וויסען דערפון קיין פויגעל.

— מיר זענען אזעלכע מענשען — זאָגט ער צו מיר מיט גדלות און מאכט צורעכט דעם קאָלנער — וואס קאָטאָרי קיין געלד האָבען מיר ניט, נאר יושר אז

עהרליכקייט איז ביי אונז פאראַן מעהר ווי ביים גרעסטען גביר! אפשר נעפינט זיך ביי דיר עטליכע גראָשענס?

איך האָב אַרויס און געב איהם אַ קערביל. נפתלצי נעמט דאָס צו ביי מיר, ווי אַ פראָפעסאָר, מיט צוויי פינגער, רופט צו די מוטער חוה, קוקט אָן אַ זייט און מאַכט צו איהר:

— נאַ, קויף עפּיס אָנבייסען!

די מוטער חוה נעמט צו ביי איהם דאָס קערביל שוין דוקא מיט ביידע הענד און מיט אַלע פינגער, בעטראַכט דאָס דוקאָ פון אַלע זייטען און טהוט אַ פרעג דעם מאַן, וואָס זאָל זי קויפען!

— וואָס דו ווילסט — ענטפערט ער איהר כלומר'שט קאַלטבלוטיג — קויף בולקעס עטליכע, הערינג אַ צוויי דריי, און דאַרע־קישקע, און אַ ציבעלי פערגעס ניט. עסיג און בוימעל, נו, און אַ גלעזיל בראָנפען דאַרטען...

אַז די דאָזיגע אַלע זאַכען זענען בעשאַפען געוואָרען אויפ'ן טיש איז דער עולם אָנגעפאַלען דערויף מיט אַזאַ איין אַפעטיט, גלייך ווי נאָך אַ תענית. עס האָט אַזש מיך אָנגענומען אַ יצר־הרע, און אַז מע האָט מיך נעבעטען איך זאָל געהן צום טיש, האָב איך מיך נישט נעקאָנט אָבזאָגען, און איך געדענק נישט די צייט ווען איך זאָל אַזוי הנאה האָבען פונ'ם עסען, ווי איך האָב הנאה געהאַט פון דער דאָזיגער סעודה.

נאָך דער סעודה האָט בעזבאַראָדקי אַ ווינק געטהון צו דער קאָמאַנדע מע זאָל זיך נעמען צו די כלים, און מע האָט מיך מכבד געווען ווידער אַמאָל מיט אַ זאַך „זיין איינענע קאָמפּאָזיציע". די דאָזיגע „קאָמפּאָזיציע" האָבען זיי געשפּיעלט מיט אַזאַ ־עש, אַז עס האָט מיר פערטורקעט די אויערען און פערטומעלט דעם קאָפּ — און איך בין אַוועק פון דאָרט אַ שכור'ער, פון נפתלצי בעזבאַראָדקי'ס „קאָמפּאָזיציע". אַ גאַנץ טאָג אין חדר האָט זיך מיר געדרעהט דער רבי מיט די תלמידים מיט די ספרים, און אין די אויערען האָט מיר ניט אויפגעהערט צו קלינ־גען די „קאָמפּאָזיציע". ביינאַכט איז מיר געקומען צו חלום פּאַגאַניני רייטענדיג אויפ'ן אשמדאי און האָט מיר דערלאַנגט מיט'ן פידעל איבער'ן קאָפּ. — איך האָב זיך אויפ־געהאַפּט מיט אַ געשריי און מיט אַ קאָפּוועהטיג און האָב אָנגעהויבען שיטען מיט ווערטער ווי פון אַ זאַק. וואָס איך האָב גערעדט ווייס איך ניט. נאָר מיין עלטערע שוועסטער פּעסיל האָט מיר נאָכדעם דערצעהלט, אַז איך האָב גערעדט פון היטץ, עס האָט זיך ניט געקליפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, עפּיס ווילדע נעמען „קאָמפּאָזיציע" „פּאַגאַניני"... און נאָך אַ זאַך האָט מיר די שוועסטער דערצעהלט, אַז אין דער צייט וואָס איך בין געלעגען שלאָף איז מען אַפּאָר מאָל געווען ביי אונז פון נפתלצי דעם כלי זמר, עפּיס אַ באָרוויס יונגיל, געוואָהר ווערען וואָס איך מאַך, האָט מען איהם דורכגעטריבען און פערזאָגט ער זאָל זיך מעהר נישט דערוועגען קומען אַהער...

— וואָס האָט געטהון ביי דיר דעם כלי־זמר'ס יונגיל? — פרעגט מיך מיין שוועסטער און מוטשעט מיך, איך זאָל איהר זאָגען; נאָר איך האַלט זיך איינס: איך ווייס נישט, כ'לעבען, איך ווייס נישט; פון וואַנען זאָל איך וויסען?

— וואס פאר א פנים האט דאס ? — זאגט צו מיר די מאמע — ביזט שוין קיין עין הרע א בחור׳ל צו לייטען, מע רעדט דיר שוין שדוכים. און דו האסט צו טהון מיט שענע חברים, בארוויסע כלי־זמר׳ליך ! וואס פאר א מחותן ביזט דו מיט כלי־זמר ? וואס האט דא געטהון ביי דיר נפתלצי דעם כלי־זמר׳ס יונגיל ?

— וואסער נפתלצי ! — זאג איך און מאך זיך תמ׳עוואטע — וואסער כלי־זמר ?

— קוק איהם אן דעם תנא ! — מישט זיך אריין דער טאטע — ער ווייסט גישט פון וואס צו זאגען ! נעבאך גאט די נשמה שולדיג ! איך אין דיינע יאהרען בין שוין לאנג געווען א חתן, און ער שפיעלט זיך נאך מיט חברים ! טהו זיך אן און געה אין חדר אריין ! טאמער וועט דיך בענגענען הערשיל בעל־טאקסע און וועט דיך א פרעג טהון, וואס איז דיר געווען, זאלסט דו זאגען — קדחת. דו הערסט וואס איך רעד צו דיר ? קדחת !

איך הויב נישט אן צו פערשטעהן : וואס פאר א מחותן איז דא הערשיל בעל־טאקסע ? און צו ליעב וואס בעדארף איך איהם זאגען קדחת ?... אין עטליכע וואכען ארום איז מיר פערענטפער׳ט געווארען די קשיא.

---

ו.

הערשיל בעל טאקסע (אזוי האט מען איהם גערופען דערפאר וואס ער און דער זיידע זיינער האבען פון תמיד אן געהאלטען די טאקסע, ס׳איז שוין געווען ביי זיי א חזקה) איז געווען א יונגערמאן מיט א קיילעכיג בייכיל מיט א רויט בערדיל מיט נאסע אייגעליך און מיט א ברייטען ווייסען שטערען — א סימן פון א קאפמענש. ער האט טאקי געשמ׳ט אין שטעדטיל פאר א וואוילען יונגען מאן א משכיל, א מושלם, א שענעם בעל תנ״ך און א שענעם שרייבער, דאס הייסט ער האט געהאט א שען הענטיל, מע האט זיך א מאל מיט זיינע כתבים, זאגט מען, ארומגעטראגען און ארומגעפיהרט איבער דער וועלט. און דערצו האט ער געהאט געלד און איין טעכטעריל, א בת־יחידה, א מיידיל מיט רויטע הערליך און מיט נאסע אייגעליך, צוויי טראפען וואסער הערשיל בעל טאקסע. געהייסען האט זי אסתר און גערופען האט מען זי פערצויגען — „פלעסטעריל״. געווען איז זי ציטעריג און איידעל, מורא גע־האט פאר אונז, חדר יונגליך, ווי פאר׳ן מלאך־המות, ווארים מיר האבען איהר דער־קוטשעט, פלעגען זיך רייצען מיט איהר און זינגען לידליך

אסתריל !

פלעסטעריל !

פאר וואס האסט דו גיט קיין — שוועסטעריל ?

דאכט זיך וואס ליגט אזעלכס אין די דאזיגע ווערטער ? א־יא גאר נישט ?

פון דעסטוועגען פלעג פלעסטעריל, אז זי האט דערהערט די דאזיגע ווערטער פערשטעלען זיך די אויערען און אנטלויפען מיט א געוויין, בעהאלטען זיך בחדרי הדרים, מורא האבען ארויסגעהן עטליכע טעג אויף דער גאס.

נאָר דאָס איז געווען אמאָל, בשעת זי איז נאָך געווען אַ קינד, אַצונד איז זי שוין געוואָרען אַ מיידיל צו לייטען, פערפלאָכטען זיך אַ רויט צעפּיל און געגאַנגען אָנגעטהון, ווי אַ כלה, נאָך דער לעצטער מאָדע. מיין מאַמע האָט פון איהר שטאַרק געהאַלטען, פלעג זיך נישט קענען אָבלויבען פון איהר: „אַ שטילע טויב״. אסתר׳ל פלעג אַמאָל, שבת, אַריינקומען צו מיין שוועסטער פעסיל, און אַז זי האָט מיך דערזעהן פלעג זי ווערען נאָך רויטער ווי זי איז געווען און אַראָבלאָזען די אויגען. און מיין שוועסטער פעסיל פלעג מיך בשעת מעשה דוקא צורופען, עפּיס פרעגען, און קוקען אונז ביידען אין די אויגען אַריין.

ויהי היום טרעפט זיך אַ מעשה, עס קומט אריין צו אונז אין הדר אַריין דער טאַטע מיינער מיט הערשיל בעל־טאַקסע, און נאָך זיי שלעפּט זיך נאָך רב שלום־שכנא דער שדכן, אַ יוד מיט זעכס פינגער מיט אַ נעגרייזעלטע שוואַרצע באָרד און אַ גרויסער אביון. דערזעהען אַזעלכע געסט האָפּט אויף זיך דער רבי רב זרח די קאַפּאָטע מיט׳ן היטיל, און מהמת גרויס אימפּעט פערקאַטשעט זיך איהם איין פּאה אַרונטער אויף יענער זייט אויער, דאָס היטיל פערקנייטשט זיך און עס שטעקט אַרויס אונטען די יאַרמעלקע העכער האַלב און עס הויבט איהם אָהן פלאַמען אַ באַק. מע האָט געקאָנט אַרויסזעהען אַז דאָ איז עפּיס נישט גלאַט, ובפרט אַז רב שלום שכנא דער שדכן שוין פון אַ צייט אַז ער האָט אָנגעהויבען אַריינקומען צו אונז אין הדר אַריין עפּיס צו אָפטליך, פלעג אַלע מאָל אַרויסרופען דעם רבין אין הויז אַרויס און דאָרט אַוועקשטעהן מיט איהם עטליכע מינוט, סוד׳ען זיך און שושקען זיך, מאַכען בשעת מעשה מיט די הענט און מיט די פּלייצעס און אויסלאָזען מיט אַ זיפץ.

— טאַ, ממה נפשך, אויך די אייגענע מעשה, איז דאָס בעשערט, וועט דאָס מסתמא זיין, וואָס קען מען וויסען וואָס?

בייס אַריינקומען פון די געסט האָט דער רבי רב זרח נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טהון, וואו ער זאָל זיי בעזעצען, האָט ער געחאַפּט דאָס קיכבענקיל, וואָס די רביצין זאַלצט דעריף פלייש, און האָט זיך פריהער אַביסיל אַרומגעדרעהט מיט דעם עטליכע מאָל הין און צוריק איבער׳ן גאַנצען חדר, און נאָכדעם האָט ער דאָס קיים אַוועקגעשטעלט און האָט זיך אַליין טאַקי אַנידערגעזעצט אויף דעם; ער איז אָבער באַלד אויפגעשפּרונגען ווי איין אָבגעבריהטער שטאַרק צעמישט און האָט זיך געהאַפּט ביי דער אונטערשטער קעשעני פון דער קאַפּאָטע, גלייך ווי ער וואָלט עפּיס פערלאָרען אַ מטמון מיט געלד.

— אָט איז אַ בענקיל, זעצט זיך! — מאַכט ער צו די געסט.

— נישקשה, זיצט, זיצט — זאָגט צו איהם דער טאַטע — מיר זענען אַריינגעגאַנגען צו אייך. רב זרח, נור אויף איין מינוט, זיי וועלען פערהערען מיין יונגיל תנ״ך.

און דער טאַטע ווייזט אָן אויף הערשיל בעל־טאַקסע.

— אָך, מהכתיתי, פאַר וואָס ניט? — מאַכט דער רבי רב זרח און האָפּט אַ תנ״כ׳ל און טראָגט דאָס אונטער הערשיל דעם בעל־טאַקסע, מיט אַזאַ פּנים, ווי איינער רעדט: „נאַ דיר און טהו וואָס דו ווילסט!״

הערשיל בעל־טאַקסע נעמט דאָס תנ״כיל אין האַנט אַריין, ווי אַ מענש וואָס איז געניט אין דער סחורה, ביינט איין דאָס קעפּיל אויף אַ זייט, מאַכט צו איין איינגיל, מישט און ט־אַנט מיר אונטער דעם ערשטען פּסוק פֿון „שיר השירים“.

— שיר השירים גאָר? — רופט זיך אָן דער רבי מיט אַ שמייכעלי, ווי אייר נער רעדט; קיין האַרבערעס נישט נעקאָנט נעפינען?

— שיה השיחים — ענטפערט איהם הערשיל בעל־טאַקסע (ער קאָן ניט אויסרעדען קיין „רי״ש“) — שיה השיחים איז ניט אַזאַ גהינגע זאַך ווי איה מיינט; שיה השיחים דאַחף מען פעחשטעהן.

— אַודאי! — רופט זיך אָן רב שלום שכנא מיט אַ געלעכטעריל.

דער רבי טהוט צו מיר אַ ווינק, איך געה צו צום טיש, צעשאָקעל זיך און הויב אָן אויף אַ קול מיט זעהר אַ שענעם נגון:

— שיר השירים — אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. אַלע געזאַנגען האָט געזונגען אַ נביא און דאָס האָט געזונגען אַ נביא בן נביא! אַלע געזאַנגען האָט געזונגען אַ חכם, און דאָס האָט געזונגען אַ חכם בן חכם! אַלע געזאַנגען האָט געזונגען אַ מלך, און דאָס האָט געזונגען אַ מלך בן מלך!

בשעת זינגען האָב איך דערוויל געקוקט אויף מיינע פֿערהערערס און האָב בעמערקט אויף איטליכענס פּנים איין אַנדער מינע, ביים טאַטען אויפ׳ן פּנים איז געווען אָנגעצייכענט נדלות און פערגניגען. אויפ׳ן רבינס פּנים איז געשטאַנען מורא און פּחד, טאָמער הלילה האָב איך אַ טעות און מאַך אַ פעהלער, זיינע ליפּען האָבען שטילערהייט נאָכגערעדט מיט מיר איטליכעס וואָרט. הערשיל בעל־טאַקסע איז געזעסען דעם קאָפּ אביסיל אויף אַ זייט, דאָס נעלע בערדיל אין מויל, איין איינגיל צוגעמאַכט, דאָס אַנדערע האָט געקוקט אַרויף אויף דער סטעלי און צוגעהערט ווי אַ גרויסער מבין, רב שלום שכנא דער שדכן האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָבגעלאָזט פֿון איהם קיין אויג. ער איז געזעסען מיט אַ האַלבען נוף אַריבערגע־בויגען אויף צופֿריהער, האָט מיר מיטגעהאַלפען שאָקלען זיך און האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט מיך איבערגעשלאָגען אין מיטען מיט איין אויסגעשריי, מיט אַ געלעכטער און מיט אַ הוסט אינאיינעם און אַ מאַך מיט דעם צווייענדיגען פינגער:

— אַז מע שמועסט אַז ער יכול׳ט — יכול׳ט ער!

— אין עטליכע טעג אַרום האָט מען געבראַכען טעלער און איך בין גע־וואָרען צו מזל אַ חתן פאַר הערשיל בעל־טאַקסע׳ס בת יחיד׳קעלי — פלעסטעריל.

ז.

אַ מאָל מאַכט זיך אַ מענש וואַכסט אויס אין איין טאָג מעהר ווי איין אַנ־דערער אין צעהן יאָהר. אַז איך בין געוואָרען אַ חתן האָב איך מיט אַמאָל דערפיהלט, אַז איך בין אַ„גרויסער“. דאַכט זיך דער איינענער וואָס פריהער, נאָר פאָרט נישט דער. פּנ׳ים קלענסטען חבר ביז׳ן רבין רב זרח האָט מען אָנגעהויבען קוקען אויף

מיר שוין מיט מעהר דרך־ארץ — פּאַרט אַ חתן מיט אַ זיינער. אויך דער טאַטע האָט שוין אויפגעהערט צו שרייען אויף מיר; פון פּעטש שמועסט מען ניט: ווי אַזוי נעמט מען דאָס אַ חתן מיט אַ גילדענעם זייגער און מע פּאַטשט איהם אוים? אַ הרפּה פאַר לייטען און אַ בזיון פאַר זיך אַליין! אמת, מע האָט אַמאָל אָבגע־שמיסען ביי אונז אין חדר אַ חתן אֶלי, דערפאַר וואָס מע האָט איהם געחאַפּט גליטשען זיך מיט אַלע שקצים׳ליך אויפ׳ן אייז. האָט טאַקי נאָכדעם געהאַט צוטהון דער־מיט די גאַנצע שטאָדט. די כלה זיינע אַז זי איז געוואָהר געוואָרען פון אַזאַ סקאַנדאַל, האָט זי אַזוי לאַנג געוויינט ביז מע האָט אָבגעשיקט דעם חתן די תנאים, און דער חתן, אֶלי הייסט דאָס, האָט זיך פאַר הארצוועהטיג און פאַר בזיון געוואָלט אַריינוואַרפען אין טייך אריין, איז געווען פערפרוירען דאָס וואַסער..

כמעט אַזאַ איין אומגליק האָט זיך געטראָפען מיט מיר, נאָר נישט איבער שמיק, און נישט איבער׳ן גליטשען זיך אויפ׳ן אייז, נאָר איבער אַ פידעל.

אָט איז געווען די מעשה:

ביי אונז אין ווינשענק האָבען מיר געהאַט איין אָפטען גאַסט, טשעטשעק דעם קאַפּעלמייסטער, וואָס מיר פלעגען איהם רופען: „פאַן פולקאָווניק". דאָס איז געווען אַ געזונדער יונג אַ הויכער, מיט אַ גרויסער קיילעכיגער באָרד און מורא׳דיגע ברעמען. גערעדט האָט ער אויף אַ מאָדנע געמישט לשון, וואָס איז בעשטאַנען פון עטליכע שפּראַך. בשעת רעדען האָט ער געמאַכט מיט די ברעמען אַרויף און אַראָב; אַז ער האָט אַראָבגעלאָזט די ברעמען איז דאָס פנים געווען שוואַרץ ווי די נאַכט, און אַז ער האָט זיי אויפגעהויבען — איז דאָס געווען קלאָהר ווי דער טאָג; וואַ־רום עס האָבען זיך געפונען אונטער די דאָזיגע געדיכטע ברעמען אַ פּאָר העלבלויע, גוטע, שמייכלענדיגע אויגען. געטראָגען האָט ער אַ מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ, און דערפאַר טאַקי האָט ער ביי אונז געהייסען „פאַן פולקאָווניק". ביי אונז אין ווינ־שענק איז ער געווען זעהר איין אָפטער גאַסט, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ שכור הלילה! נאָר מהאי טעמא ווייל דער טאַטע מיינער איז געווען אַ בריה אויף מאַכען פון ראָזינקעס דעם „בעסטען טהייערסטען אונגערשען וויין", וואָס טשעטשעק פלעג אָנקוועלען, זיך גאָר ניט קענען אָבלויבען פון איהם. ער פלעג אַרויפלייגען אויף איהם זיין גרויסע מורא׳דיגע האַנט און זאָגען צום טאַטען אויף זיין געמישטער שפּראַך:

— הער־ר קעלערמייסטער! אוּ טעבי נאַילעפּשי אונגאַרוויין! נימאַ טאַקי ווינע אין בודאַפּעשט! פּרעדבאָהעם! *)

צו מיר איז טשעטשעק תמיד געווען צוגעלאָזט, מיך געלויבט וואָס איך לערען אין חדר, פלעג מיך אָפּט פערהערען, פרעגען, ווער איז געווען אדאם? און ווער איז געווען איזאַק? און ווער איז געווען דזשאָזעף?

— יוסף? — פרעג איך איהם — יוסף הצדיק?

— דזשאָזעף — זאָגט ער.

*) ביי דיר איז דער בעסטער אונגערשער וויין! ניטאַ אַזאַ וויין אין בודאַפּעשט ביי גאָט!

— יוסף — פערעכט איך איהם נאך אמאל.

— או נאס דזשאזעף, או וואס יאדזשעף — מאכט ער צו מיר און טהוט מיר א קניפ אין בעקיל — דזשאזעף — יאדזשעף. יאדזשעף — דזשארזעף — וושיסטקא יעדנע, גאנץ עגאל.

— קחי — חי — חי !...

איך בעהאלט דאס פנים אין קולאק און לאך מיך גוט אויס.

נאר פון זינט אין בין א חתן געווארען האט טשעטשעק אויך אויפגעהערט זיך בעגעהן מיט מיר ווי מיט א קונדעס און האט אנגעהויבען רעדען מיט מיר שוין ווי מיט א גלייכען, דערצעהלען מעשיות פין באלק און פון מוזיקאנטען (דער „פאן פולקאוויניק" האט געהאט נייען מאס רעד, קיינער האט אבער קיין צייט ניט געהאט איהם אויסהערען אחוץ מיר). איין מאל האט ער זיך מיט מיר צערעדט וועגען שפיעלען. האב איך איהם א פרעג געטהון;

— דער פאן פולקאוויניק שפיעלט אויף וואסער אינסטרומענט ?

— נא וושיסטקיך אינסטרומענטו — *) מאכט ער צו מיר און הויבט אויף אויף מיר די ברעמען.

— אויפ'ן פידעל אויך ? — פרעג איך איהם. און ער בעקומט מיט אמאל אין מיינע אויגען א פנים פון א מלאך.

— קום צונעהן אמאל צו מיר — מאכט ער — וועל איך דיר שפיעלען.

— ווען קאן איך — זאג איך — צו דיר קומען, פאן פולקאוויניק, אז ניט שבת ? נאר בתנאי קיינער זאל ניט וויסען; זאגסט דו מיר צו ?

— פרעד באהעם !—מאכט ער צו מיר און הויבט אויף אויף מיר די ברעמען.

ה.

טשעטשעק האט געוואוינט ווייט ווייט אונטער'ן שטאדט, אין א קליין ווייס שטוביל, מיט קליינע פענסטערליך, מיט נעפארבטע לאדען, מיט א גרינעם גארטען, וואס האבען ארויסגעקוקט פון דארטען מיט גרויס גדלות א סך הויכע געלע סאנישניקעס, ווי עפיס רעכטס, און האבען אנגעבויגען עטוואס די קעפליך אויף א זייט, אביסיל געשאקעלט זיך און האבען ווי גערופען מיך צו זיך: „אהער, צו אונז, בחורל! דא איז גראס, דא איז פריי, דא איז ליכטיג, דא איז פריש, דא איז ווארעם, דא איז גוט !..." און נאך יענעם עפיש מיט דער היטץ מיטן שטויב וואס אין שטאדט, און נאך יענעם איינגשאפט מיט'ן געשריי מיט'ן טומעל וואס אין חדר, גליסט זיך טאקי אהער, ווארום דא איז גראס, דא איז פריי, דא איז ליכטיג, דא איז פריש, דא איז ווארעם, דא איז גוט! עס גליסט זיך לויפען, שפרינגען, שרייען, זינגען; אדער נאר א ווארף טהון זיך אויף דער הוילער ערד מיט'ן פנים אינ'ם גרינעם שמעקענדיגען גראז אריין, נאר, אוי וועה, נישט פאר אייך יודישע קינדער! געלע סאנישניקעס, גרינע קרויט, פרישע לופט, ריינע ערד, א

*) אויף אלע כלים.

ליטערער הימעל — האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס׳איז נישט אויף אַיער מיסט געוואַכסען געוואָרען!...

בענגענט האָט מיך אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט מיט רויטע פייערדיגע אויגען. ער איז אויף מיר אָנגעפאַלען מיט אַזאַ רשעות, אַז ס׳איז מיר שיער די נשמה אַרויסגעפאַלען. אַ גליק וואָס ער איז געווען צוגעבונדען אויף אַ שטריק. דערהערט מיין געשריי איז טשעטשעק ארויסגעלאָפען אָהן אַ מונדיר און האָט אָנגעהויבען שטראָפען דעם הונט ער זאָל אַנשטימט ווערען — און ער איז אַנשטימט געוואָרען. נאָכדעם האָט ער מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט, צוגעפיהרט מיך גלייך צום שוואַרצען כלב, געזאָגט איך זאָל גאָר קיין מורא ניט האָבען, ער וועט מיך ניט זאַטשעפּען; אַסימן, זאָגט ער, איך זאָל איהם אַ גלעט טהון איבער די האָר, און נישט לאַנג געטראַכט נעמט ער מיין האַנט און פיהרט מיט איהר איבער׳ן הונטס פעל, רופט איהם אָן בשעת מעשה מיט עטליכע מאָדנע נעמען און זאָגט איהם גוטע ווערטער. דער שוואַרצער חברה מאַן לאָזט אַראָב דעם ווידיל, בייגט איין דעם קאָפּ, בעלעקט זיך מיט׳ן צונג און וואַרפט אויף מיר אַ קוקיל מן הצד, ווי איינער רעדט: „דיין גליק וואָס דער פריץ שטעהט דאָ, וואָלסט שוין אַוועגגעגאַנגען פון דאַנען אָהן אַ האַנט“... איבערגעלעבט די פחדים פונ׳ם הונט און אַריינגעגאַנגען מיט׳ן „פאַן פולקאָווניק“ אין שטוב אַריין, בין איך נבהל ונשתומם געוואָרען; אַלע ווענט זענען פערהאַנגען פון אויבען ביז אַראָב מיט ביקסען, און אויף דער ערד ליגט אַ פעל מיט אַ קאָפּ פון אַ לייב אָדער אַ לעמפערט מיט מוראדיגע שאַרפע צייהן. מילא דער לייב איז נאָך אַ האַלבע צרה — פאָרט אַ געפגר׳טער; אָבער די ביקסען, די ביקסען?... ס׳איז מיר נישט איינגעגאַנגען די פרישע פלאָמען מיט די שענע עפעל, וואָס דער בעל־הבית האָט מיך מיט זיי מכבד געווען פון זיין אייגענעם גאָרטען; מיינע אויגען האָבען נישט אויפגעהערט צו שפרונגען פון איין וואַנט אויף דער אַנדערע... נאָר שפעטער, אַז טשעטשעק האָט ארויסגענומען פון אַ רויט שאַכטעל אַ פידעלי, אַ קליינס, אַ קלייעכיגס, מיט אַ מאָדנע בייכעלי, האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם די גרויסע צעשפרייטע באָרד און די גרויסע געזונדע האַנט און האָט גענעבען דעם ערשטען פיהר עטליכע מאָל הין און צוריק מיט׳ן סמיטשיק און עס האָבען זיך גענעבען אַ גאָס די ערשטע עטליכע מעלאָדיען, האָב איך אין איין אויגענבליק פערגעסען דעם שוואַרצען כלב, מיט׳ן שרעקליכען לייב, מיט די אָנגעלאָדענע ביקסען, — איך האָב נור געזעהען פאַר זיך טשעטשעקס גרויסע צעלאָזטע באָרד מיט זיינע נעדיכטע אַראָבגעלאָזטע ברעמען, איך האָב נ׳ר געזעהען אַ קיילעכיג פידעלי מיט אַ מאָדנע בייכיל, און פינגער וואָס טאַנצען איבער די סטרונעס מיט אַזאַ מהירות, וואָס אַ מענשענס שכל איז גאָר ניט אומשטאַנד משיג צו זיין, וואו נעמט מען דאָס אַזוי פיעל פינגער?

נאָכדעם איז פערשווינדען געוואָרען טשעטשעק מיט זיין צעשפרייטער באָרד, מיט זיינע געדיכטע ברעמען מיט זיינע וואונדערליכע פינגער און איך האָב שוין ניט געזעהען פאַר זיך גאָרנישט. איך האָב נור געהערט אַ זינגען, אַ קרעכצען, אַ וויינען, אַ העליפען, אַ רעדען, אַ ברומען, — משונה מאָדנע קולות אַזעלכע, וואָס

 „די יודישע פאַמיליע“. I. העפט 1.

איך האָב אויף מיין לעבען נישט געהערט קיין מאָל ! זיסע קולות ווי האָניג, גלאַטע ווי בוימעל האָבען זיך געגאָסען — געגאָסען גלייך אין האַרצען אריין אָהן איין אויפהער און מיין נשמה איז אַוועק וויט־ווייט פון דאַנען, אין איין אַנדער וועלט אַריין, אין אַ גן־עדן פון סאַמע קולות, פון נאָלע נעזאַנגען...

— האַרבּאַטע הָצְעש ? *) — יוֹפּט זיך אָן צו מיר טשעטשעק, ליינט אַוועק דאָס פידעלי און טהוט מיך אַ פּאַטש אין פּלייצע.

איך האָב דערפיהלט, אַז איך בין אַראָבגעפאַלען פונ׳ם זיבעטען הימעל אַראָב אויף דער ערד.

פון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבען צו געהן אַהער אַלע שבת בייטאָג הערען טשעטשעקין שפּיעלען אויפ׳ן פידעל. איך פלעג שוין געהן גלייך, נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם און אַפילו מיט׳ן שוואַרצען כלב זענען מיר געוואָרען אַזוי בעקאַנט, אַז ער האָט מיך דערזעהען פלעג ער דרעהען מיט׳ן ווידיל און זיך וועלען וואַרפען אויף מיר, אַ לעק טהון די האַנט, פלעג איך איהם נישט לאָזען : „לאָמיר בעסער זיין גוטע פריינד פון דער וויטען !"...

אין דער היים האָט נישט געוואוסט קיין פויגעל, וואו איך פערברענג דעם שבת — פאַרט אַ חתן — און מע וואָלט נישט געוואוסט דער־פון עד היום, עס זאָל זיך ניט געווען טרעפען מיט מיר אַ נייער אומגליק, אַ גרויסער אומגליק, וואָס ווערט דאָ בעשריבען אינ׳ם קאַפּיטעל ט.

ט.

דאַכט זיך וועמען בעדאַרף עס אָנגעהען למשל אַז אַ יודיש בחור׳ל געהט זיך שבת בייטאָג שפּאַצירען אַביסיל וויטער אונטער דער שטאָדט ? צי ס׳איז טאַקי מעהר נישטאָ וואָס צו טהון, נאָר נאָכקוקען, איגזיגען האָבען יענעם ? וואָס העלפען אָבער די אַלע טענות, אַז עס ליגט שוין אַזוי ביי אונז אין דער נאַטור, ביי יודען הייסט דאָס, גוט צוקוקען זיך צו יענעם, אַכטונג געבען, געפינען חסרונות און געבען עצות. למשל, צוגעהן צו אַ ווילד פרעמדען בשעת ער דאַווענט און צוערעכט מאַכען איהם דעם „של־ראש" פון די תפילין ; אָדער אָבשטעלען איהם בשעת ער לויפט און איז פערטראָגען אַז עס האָט זיך ביי איהם ד אַ כ ט ז י ך פערקאַטשעט אַ הייז ; אָדער אָנווייזען יענעם מיט׳ן פינגער, ער זאָל ניט וויסען וואָס איהר מיינט : צי די נאָז, צי די באָרד, צי וועלכע גוטע יאָהר ? אָדער צונעמען ביי יענעם פון די הענט בשעת יענער מוטשעט זיך און וויל עפּיס עפענען און זאָגען איהם : איהר קאָנט נישט, לאָזט מיך ! אָדער אָבשטעלען זיך בשעת יענער בויעט אַ שטוב און אויסזעצען איהם אַ חסרון, אַז די סטעלי איז דאַכט זיך צו הויך, די חדרים צו גראָם און די פענסטער אומגעלימפּערט ברייט. האָטש נעם צעוואַרף די שטוב און שטעל זיך בויען נאָר איבער אַ נייס !... אָט אַזוי, הערט איהר איז שוין ביי אונז איינגעפיהרט פון קַדְמוֹנִים, פון שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית, מיר וועלען מיט אייך די וועלט נישט איבערמאַכען, מיר זענען דאָס נאָר נישט מחויב...

*) טיי ווילסט דו ?

נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט אייך שוין זיין רעכט, אַז אפרים קלאָץ, א יוד א ווילד פרעמדער, וואָס האָט זיך אָנגעקעהרט מיט אונז א קנעפיל, האָט נאָכ־געקוקט נאָך מיר, נאָכגעשפירט און אָנגעשמעקט וואָהין איך געה, און האָט מיר צוגעשטעלט אַ ביינקעלי, געשוואָהרען אַז ער האָט אַליין געזעהען מיך עסען טרפות ביים „פולקאָווניק" און רויכערען א פאַפּיראָס אום שבת, ער זאָל אַזוי זעהען, זאָגט ער, ביי זיך אַלדעס גוטס, אַ ניט זאָל ער ניט דערלעבען, זאָגט ער, קומען אהין וואָהין ער געהט, און אויב ער זאָגט אַ דבר שקר אויף אָט אַזוי פיעל, זאָל זיך איהם שטעלען, זאָגט ער, דאָס מויל אויף אַ זייט און עס זאָלען איהם ארויס ביידע אויגען!

— אמן הלואי! — האָב איך געזאָגט און האָב נעהאַפּט פון'ם טאַטען א פרישען פאַטש, איך זאָל ניט זיין קיין עזות־פנים... נאָר איך פערחאַפּ, אַזוי דאַכט זיך מיר, די לאָקשען פאַר די פיש, איך האָב נאָר פערגעסען אייך דערצעהלען, ווער איז געווען אפרים קלאָץ, און וואָס איז ער געווען, און ווי אַזוי איז געווען די מעשה.

אין עק שטאָדט, אויף יענער זייט בריק, איז געזעסען אַ יוד אפרים קלאָץ. פאַר וואָס האָט מען איהם גערופען קלאָץ? ער האָט אַמאָל געהאַנדעלט מיט געהילץ, הײנט האַנדעלט ער שוין ניט, איבער א מעשה, אַ בלבול, מע האָט אויס־געטרייסעלט ביי איהם א פרעמדען קלאָץ מיט אַ פרעמדער קליימע, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ פעקיל, א לאָדעניש, אַ שלעפעניש, קוים קוים אויסגעדרעהט פון טורמע. פון דעמאלט אָן האָט ער אוועקגעוואָרפען אַלע מסחרים און האָט זיך גענומען צו שטאָדט־זאַכען, אריינקוקען אין קהל'ש'ע ענינים, צעך, טאַקסע, בית־המדרש... תחילת איז געווען נישט אַזוי גוט, ער האָט געהאַט בזיונות: נאָר וואָס ווייטער ווייטער האָט ער זיך אַריינגעדרעהט, איינגענעסען אין די ביינער אריין, גע־געבען אָנצוהעריגש, אַז ער ווייסט „וואו אַ טיר עפענט זיך"... און אפרים איז גע־וואָרען מיט דער צייט אַ פּאַרשוין אַ ניצליכער, א נייטיגער, וואָס מע קאָן זיך אָהן איהם ניט בעגעהן. אָט אַזוי האַפּט זיך אַריין א וואָרעם אין עפיל אַריין, בעט זיך אויס גאַנץ ברייטליך, מאַכט זיך א ווייכען נעלענער און ווערט דאָרט א היימי־שער, א גאַנצער בעל־הבית.

געווען איז אפרים א נידעריטשקער, געהאַט קורצע פיסעליך, קליינע הענטעליך, רויטע בעקעליך, אין א געגגיל אַ ניכס, מיט אַ טענציל און מיט א דרעה מיט'ן קעפעלי, גערעדט האָט ער גיך מיט א קוויטשיל, און געלאַכט האָט ער מיט א דריבנע געלעכטעריל, ווי מע שיט אַרבעסליך. אָנקוקען האָב איך איהם נישט גע־קאָנט — איך ווייס ניט פאַר וואָס. אַלע שבת בייטאָג ווען איך בין געגאַנגען צו טשעטשעקין אָדער פון טשעטשעקין, פלעג איך איהם בעגעגנען אויפ'ן בריק געהן שפּאַצירען אין א לאַנגען געלאַטעטען שבת'דיגען לעטניק אָהן די ארבעל. ער איז געגאַנגען די הענט פערלייגט ארינטער און אונטערגעזונגען אויף זעהר א דין קולכיל. און דער לאַנגער לעטניק האָט איהם אונטערגעפאַטשט פון אינטען אין די פיאַטע.

— גוט שבת! — זאָג איך איהם.

— גוט שבת — מאכט ער — וואָהין געהט דאָס א יונגיל?

— גלאט אזוי — זאָג איך — אויפ'ן שפּאציר.

— אויפ'ן שפּאציר? איינער אליין? — מאכט ער, און קוקט מיר אין די אויגען אריין מיט אזא מין שמייכעלי, וואָס ס'איז שווער צו טרעפען, וואָס מיינט ער דערמיט; צי ס'איז א גרויס בְּרִיָה'שאַפט וואָס איך שטעל זיך איין געהן איינער אליין, צי ס'איז א חכמה, צי א נארישקייט?...

ט.

איין מאָל, געגאנגען צו טשעטשעקין, האָב איך בעמערקט, אז אפרים קלאָץ קוקט מיר עפּיס זעהר שטארק נאָך; האָב איך זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן בריק און גע־קוקט אין וואסער אריין, האָט זיך אפרים אויך אָבגעשטעלט און אויך געקוקט אין וואַ־סער אריין. האָב איך זיך געלאָזט געהן צוריק, — ער געהט אויך. האָב איך מיך גע־לאָזט געהן ווידער אַהין — ער אויך. נאָכדעם איז ער פערפאַלען געוואָרען. שפּעטער, געזעסען מיט טשעטשעקין ביים טיש און געטרונקען טיי, האָבען מיר דערהערט דעם שוואַרצען כלב בילען אויף עמיצען זעהר שטאַרק און רייסען זיך פון דער שטריק. אַ קוק געטהון אין פענסטער, האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איך זעה עפּיס א נידעריגס, אַ שוואַרצינגס, מיט קליינע פיסעליך, לויפט—לויפט און ווערט פערשווינדען. נאָכ'ן געגניל וואָלט איך געמעגט שווערען, אז ס'איז אפרים קלאָץ.

כך הוה, איך בין געקומען שבת צו נאכט'ס אַהיים, שוין נאָך הבדלה, מיט אַ פערפלאָנטט פּנים, און האָב געטראָפען אפרים'ן זיצען ביים טיש, ער האָט עפּיס זעהר שטאַרק גערעדט און געלאַכט מיט זיין מאָדנע געלעכטעריל. דערזעהען מיך, האָט ער אָנשווייגען געוואָרען און געקלאַפּט מיט די קורצע פינגערליך איבער'ן טיש. אַקעגען איהם איז געזעסען דער טאַטע טוידט ווי די וואַנד און האָט זיך געדרעהט די באָרד, געריסען די האָר איינציגווייז — אַ סימן אַז ער איז אין כעס.

— פון וואַנען געהסט דו דאָס? — פרעגט מיך דער טאַטע און קוקט אויף אפרים'ן.

— פון וואַנען — זאָג איך — זאָל איך געהן?

— איך וויים — זאָגט ער — פון וואַנען? זאָג דו פון וואַנען, דו ווייסט בעסער.

— פון בית המדרש — זאָג איך.

— און וואו — זאָגט ער — ביזט דו געוועזן אַ גאַנצען טאָג.

— וואו — זאָג איך — זאָל איך זיין?

— איך וויים — זאָגט ער — וואו? זאָג דו וואו, דו ווייסט בעסער.

— אין בית המדרש — זאָג איך.

— וואָס האָסט דו געטהון — זאָגט ער — אין בית המדרש?

— וואָס זאָל איך טהון — זאָג איך — אין בית המדרש?

— איך ווייס — זאָגט ער — וואָס דו זאָלסט טהון?
— איך האָב געלערנט — זאָג איך.
— וואָס האָסט דו — זאָגט ער — געלערענט?
— וואָס זאָל איך לערנען? — זאָג איך.
— איך ווייס — זאָגט ער — וואָס דו זאָלסט לערנען?
— גמרא — זאָג איך — האָב איך געלערענט.
— וואָסער גמרא — זאָגט ער — האָסט דו געלערענט?
— וואָסער גמרא — זאָג איך — זאָל איך לערנען?
— איך ווייס — זאָגט ער — וואָסער גמרא זאָלסט דו לערנען?
— די גמרא ישבת — זאָג איך — האָב איך געלערענט.

דאָ האָט זיך אפרים קלאָץ צולאַכט מיט זיין דריבנע געלעכטעריל, און מעהר האָט שוין אַפּנים דער טאַטע נישט געקאָנט איבערטראָגען. ער האָט זיך אויפגעחאַפּט פון׳ם אָרט און האָט מיר אויפגעוואָרפען צוויי הולכעדיגע פּלאַם־פייעריגע פּעטש, עס זענען געפלויגען ביי מיר פינקען פון די אויגען. האָט דערהערט די מאַמע פון׳ם אַנדע־רען חדר, איז זי אַריינגעלאָפען מיט א געשריי:

— נחום! גאָט איז מיט דיר! וואָס טהוסט דו? אַ בחור, א חתן, פאַר דער חתונה? בערעכען זיך, טאָמער חלילה ווערט געוואָהר דער מחותן?! . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די מאַמע איז געוועזען געערעכט. דער מחותן איז געוואָהר געוואָרען פון דער גאַנ־צער מעשה — אפרים האָט דאָס איהם אַליין איבערגעגעבען, און האָט דערלעבט אָן איהם אַ נקמה, וואָרים זיי זענען תמיד געווען צווישען זיך אויף מעסער שטעך. —

* * *

אויף מאָרגען האָט מען מיר אָבגעשיקט די תנאים מיט די כלה מתנות און איך בין געוואָרען אויס חתן. דאָס האָט דעם טאַטען אַזוי געקריינקט, אז ער איז פערשלאָפט געוואָרען, געלעגען צו בעט אַ היבשע צייט, מיך נישט געלאָזט פאַר די אויגען, נישט געוואָלט מיין פנים אַנקוקען, וויפיעל די מאַמע האָט נישט גע׳טענה׳ט פאַר מיר, מיך געוואָלט פערענטפערען.

— דער בזיון! — האָט ער געזאָגט — דער בזיון איז מיר ערגער פון אַלץ!
— אַ שענע ריינע כפּרה! — האָט איהם די מאַמע אויסגערעדט דאָס האַרץ — גאָט וועט מוזען צושיקען איין אַנדערען שדוך, וואָס זאָל מען טהון? זיך נעמען דאָס לעבען? מסתמא איז דאָס נים זיין זווג...

צווישען די, וואָס זענען געקומען מבקר חולה זיין דעם טאַטען, איז געווען אויך משעטשעק דער קאַפּעלמייסטער.

דער טאַטע, אַז ער האָט איהם דערזעהען, האָט ער אויסגעטהון די יאַרמעלקע, זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן בעטיל, האָט איהם אויסגעצויגען די דאַרע טרוקענע האַנד, אַ קוק געטהון איהם אין די אויגען אַריין, און אַ זאָג געטהון:

— אוי, פאַן פולקאָווניק! פאַן פולקאָווניק!...

מעהר האָט ער נישט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט, וואָרום עס האָבען איהם געשטיקט די טרעהרען...

דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען האָב איך דערזעהען דעם טאַטען וויינען, עס האָט מיך אָנגענומען ביים הארצען און עס האָבען זיך אַ גאָס געטהון טרעהרען פון מיינע אויגען. אין דער מינוט האָב איך באמת חרטה געהאָט אויף דער התונה וואָס איך האָב אָנגעאַרבייט, איך האָב מיך געשלאָגען על חטא מיט׳ן גאַנצען הארצען און האָב מיר נעגעבען דאָס וואָרט איך זאָל קיין מאָל נישט דער׳רגזנען דעם טאַטען, קיין מאָל נישט אָנטהון איהם קיין יסורים, — אויס פידעל!

ווילט איהר דאָך וויסען צי איך האָב געהאַלטען וואָרט? די מעשה דערפון איז אַזוי: ראשית... נאָר שאַ, מיר דאַכט זיך אַז איך האַב אייך צוגעזאָגט שפּיעלען אַבי־סיל אויפ׳ן פידעל? איך וועל אייך שפּיעלען אויפ׳ן פידעל, איך וועל אייך שפּיעלען, נאָר נישט היינט, איין אַנדערס מאָל.

# „שְׁלָאף, מַיין קִינד!“

(א יודישע וויעג־ליעד).

שְׁלָאף, מַיין קִינְד, ס'אִיז נַאכְט שוין בַּאלְד,
דִי זון פֶערְגֶעהְט אִין מַעֲרָב־זַייט...
אוֹיפְגֶעהְן וֶועט זִי מָארְגֶען נוּר,
דָארְטֶען, אָן פוּן מִזְרָח־זַייט...

שְׁלָאף הֶערְצְוַויל, מַיין חִיוּת'ל,
מַאך־צוּ דַיינֶע אוֹיגֶעלִיך;
פַאר'ן רַעַש שְׁרֶעק־זִיך נִיט, —
שְׁלָאף: דָאס זִינְגֶען פוֹיגֶעלִיך...

וַויין נִיט, קְלָאג נִיט, זוּהנְ'ענוּ,
רַייס־זִיך נִיט פוּן וִויעגֶעלֶע...
פַאר'ן שָׁאטֶען שְׁרֶעק־זִיך נִיט —
ס'אִיז אַ וַוייסֶע צִיעגֶעלֶע...

גוּטִינְקֶע מַלְאָכִים'לִיך
הִיטֶען דַיין נְשָׁמָה'לֶע...
וָואס־זְשֶׁע, וֶועה מִיר, פְּלַאטֶערְסְטוּ?
וָואס דִיר, מַיין נֶחָמָה'לֶע?...

שְׁלָאף, זָאל דִיר זִיךְ־חֲלוֹמֶ'ען
זִיסִינְקֶע חֲלוֹמֶ'עלִיך —
רָאזִינְקֶעס מִיט מַאנְדֶעלִיך
פוּן גַן־עֵדֶן־בּוֹימֶ'עלִיך...

בִּיזְט נָאך אַ קְלֵיין יוּדֶעלֶע, —
מֶעגְסְט־זִיך שְׁלָאפֶען, רוּהִיג זַיין...
וֵוויינֶען וֶועסְטוּ הָאבֶּען צַייט,
אַז דוּ וֶועסְט אַ גְרוֹיסֶער זַיין...

מֶע וֶועט דַאן נִיט לָאזֶען דִיךְ
רוּהִיג זַיין, מַיין ווּהגֶעלֶע!
נוּר אַרוֹיס פוּן וִויעגֶעלֶע —
שְׁטֶעלְט מֶען דִיךְ אִין קוּנֶעלֶע...

אוֹיס, רָאזִינְקֶעס מִיט מַאנְדֶעלִיךְ!
אוֹיס וִויעגֶעלְשֶׁע חֲלוֹמֶ׳עלִיךְ!
דֶער „רֶבִּי" שְׁמַייסְט אוּן בַּייזֶערְט־זִיךְ:
— „נוּ, לֶערֶענְט, לֶערֶענְט, בְּהֵמָה׳לִיךְ!..."

מֶע זִיצְט אִין אֵיינְגֶען חֵדֶר׳ל,
מֶע לֶערֶענְט „דִינִים", „גְזֵרָה"׳לִיךְ...
עֶס שְׁפַּאלְט־זִיךְ אַזש דָאס קֶעפֶּעלֶע
פוּן יֶענֶע שְׁוֶוערֶע תּוֹרָה׳לִיךְ...

מֶע לֶערֶענְט בִּיז אִין גְרוּב אַרַיין;
— „דָאס מֶעגְסְטוּ אוּן דָאס טָהָארְסְטוּ נִיט...
„אָהֶערְצוּ גֶעה!... אַט דָארְטֶען זִיץ!..." —
אוּן פְרֶעגֶען „קַשְׁיוֹת" טָארְסְטוּ נִיט!...

אִיצְט נָאךְ אָבֶּער וֵוייסְטוּ נִיט
פוּן דָאס אַלֶעס, קִינְדֶעלֶע!
קוּקְסְט וִוי, בַּיי כַּפָּרוֹת־שְׁלָאגֶען,
דִי כַּפָּרָה־הִינְדֶעלֶע...

שְׁלָאף־זשֶׁע, שְׁלָאף, מַיין נַחַת׳ל,
מַאךְ דוּ צוּ דִי אוֹיגֶעלִיךְ;
פַאר׳ן רֶעש שְׁרֶעק־זִיךְ נִיט,
שְׁלָאף — דָאס זִינְגֶען פוֹיגֶעלִיךְ...

גוּטִינְקֶע מַלְאָכִים׳לִיךְ
הִיטֶען דַיין נְשָׁמָה׳לֶע, —
זִיסִינְקֶע חֲלוֹמֶ׳עלִיךְ
זֶעה אִין שְׁלָאף, נֶשָׁמָה׳לֶע!...

מנחם מענדל הורוויץ.

# א יונגע פּאר
## אַ בילד
פון
## מ. ספעקטאר.

(אויס מיינע כתבים „בעקאַנטע בילדער״ פון ווארשאווער יודישען לעבען).

I.

### ער.

פרייליין פּעליע גלאַנצשטיין פון די נאַלעווקעס איז אַ כַּלָה פּאַר איצע מאירל בוימפּלעק פון דעם גרזיבאָוו. זייערע עלטערן— די מחותנים זענען חסידים פון איין רבּין און די מחתנות׳טעס טראָגען צוויי גלעלע פּאריקען אנגעריקט ביז די אויגען, חאָטש די ברעמען פון דעם חָתָן׳ס מוטער זענען שוואַרצע.

דעם חתן׳ס טאַטע ר׳ אברהמצי וואהנט אויף דעם „גרזיבאָוו״, האָט געלד און לייהט אויף „איפּאָטעקען״. און די כלה׳ס טאַטע ר׳ סענדער לייבוש גלאַנצשטיין וואהנט אויף די „נאַלעוועקעס״, האָט געלד און לייהט אויך אויף „איפּאָטעקען״.

גלייכע מחותנים.

ווען איצע מאיר׳ל איז אַלט געוואָרען פינף יאָהר האָט מען איהם אָנגעטהון אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ ברייט היטיל. לאַנגע שוואַרצע פּאה׳ליך איז אין די פינף יאָהר אויך אויסגעוואקסען, אין שטיביל פּלעגט איהם שוין דער טאַטע מיט־נעמען ווען ער איז אַלט געוואָרען פיער יאָהר און צו אַכט יאָהר פּלעגט ער שוין מיט זיין דין קולכיל העלפּען זינגען די נגונים׳ליך און מיט די קליינע פיסעליך טאַנצען די חסידישע טענצליך. צו דרייצען יאָהר האָט מען איהם מיטגענומען צום רבּי׳ן. איצע מאירל האָט געלערנט אין חדר, דערנאָך ביי אַ רבין צו הויז. צו זעכצעהן יאָהר איז ער אַריין צום טאַטען אין געשעפט און שוין בעקומען אַלע תנועות ווי דער־טאַטע. דער רוקען אביסיל איינגעהויקערט, דאָס קול פּערגרעבט. אין גאַס געהט ער

ניט. נאר ער לויפט ווי א צוטראגענער, פערטשעפעט זיך אין יעדען, שנייצט די נאז און שפייט פאר זיך און איז מבטל יעדען יודען וואס געהט אין קאפעליוש.

איצע מאירל איז שוין א גרויסער בחור און שפיעלט שוין אליין א ראליע אין שטיביל.

אין פרייע צייט, ווי שבת, יום טוב ביי'ם טיש, פלעגט איצע מאירל אמאל זאגען מוסר אפילו זיין אייגענעם טאטען:

—עפים, טאטישע, האסט דו אנגעהויבען ווערען א שוואכער חסיד, זאגט איצע מאירל מיט א גלעלעכטעריל.

— מיט וואס א שטייגער, מאירל? — פרעגט ר' אברהמצי.

— איך ווייס? ווערטעלט זיך מיט א גלעלעכטעריל איצע מאירל צו זיין טאטען— דו האסט זיך אנגעהויבען קליידען ניט אזוי יודיש, אט האסט דו אנגעהויבען טראגען א היטיל מיט א קליינע דענטע, עפים ווי א פאצעטיש היטעלע און פערגעסט אמאל דעם נארטעל ביי'ם דאווענען אין דער וואכען, בכלל האסט דו זיך אנגעהויבען צופיעל פוטצען מיט געפ־עסטע קעלנער, דו זאלסט נור טאטישע אביסיל אונטערהאקען די קאפאטע, וואלסט דו שוין נעווען א פאלנער דייטש.

פערשטעהסט דו, איצע מאירל, אז דו וועסט זיין אין מיינע יאהרען און דארפען אזוי זארגען וועגען פרנסה וועסט דו אויך אזוי ווערען ווי איך. דו קענסט זיך נאך דער־וויל אויפפיהר־ען ווי גאט האט געבאטען, איך קען שוין עס ניט אויספיהרען, מען קומט צווישען מענשען, מען בעגעגענט זיך מיט פריצים, זאלען זיי ניט האבען פון וואס צו לאכען. שבת יום טוב קען איך זיך נאך אויפפיהרען יודיש, אבער אין דער וואכען איז שווער... די פרנסה... ווען איך בין געוועזען אין דיינע יאהרען בין אויך אנדערש געוועזען.

אין ר' אברהמצי דערצעהלט זיין איצע מאירלען וואס פאר א אמת'ער יוד ער איז אמאל אין דער יוגענד געוועזען, ווי ער פלעגט הולען מיט חסידים, נעפאהרען עטליכע מאל אין יאהר צום רבין. דארטען איבערגעלעגען אלע ימים טובים, געטאנצט אז די ערד האט געציטערט, און ווען מען האט נור נעדארפט האט מען נעוואוסט און געקענט זיך אויסטענ'ען מיט די דייטשען און אמאל איין עזות פנים געגעבען א פאמש אויך, ניט מורא געהאט פאר קיינעם אז איימיצער וועט שפעטען אדער לאכען, דער קאפ איז געוועזען פרייער און מען האט געוואוסט אז מען לעבט. איצטער איז דער קאפ פערשלאגען מיט פרנסה, געליבט גאט וואס מען פערגעסט האטש ניט צו דאווענען מנחה און מעריב.

איצע מאירל הערט מיט גרויס נייגעריקייט דעם טאטענס דערצעהלען פון זיין חסידישקייט אין די יונגע יאהען און טראכט זיך אז ער וועט קיין מאל ניט אנדערש ווערען און זיך איבערבייטען, מען דארף נור ניט נאכגעבען דעם יצר הרע.

איצע מאירל'ס מוטער, טרינקענדיג א זיס גלעזיל קאווע, הערט מיט גרויס נחת ווי איצע מאירל מוסרט דעם טאטען, זי ווייסט דאך אודאי אז איהר אברהמצי איז שוין ניט דער וואס אמאל, ווען ער איז געזעסען ביי איהר טאטען אויף קעסט, נאר ווי זאגט מען "מיט דעם מאן ליגט מען ניט אין איין קבר", יעדער וועט אבקומען פאר זיך, דער

עיקר איז וואָס פּאַר אַ קינדער מען לאָזט איבער איך דער וועלט, און וועלכע מוטער פּערמאָגט גאָר, אין היינטיגע אויסגעלאָסענע צייטען, אַזאַ טייער, פֿרום קינד ווי איהר איצע מאירל, עס איז זיך אַ נחת אויף איהם צו קוקען.

איצע מאירל פּיהלט ווי זיין מאַמע קוועלט פֿון איהם, ער דרעהט דעם קוואַסט פֿון זיין קאַליערטען האַלאַט און זוכט אַ האָר אין זיין בערדיל וועלכע האַלט יעצט אין שפּראָצען, די סאַמעטענע יאַרמעלקע שיינט אַראָב פֿון זיין ווייסען שטערען, די מאַמע קוועלט: אַ גאַנצער יוד, אַ זיידענער יונגערמאַן, טראַכט זי, און עס קומט איהר אויף דעם געדאַנק: גאָט זאָל צושיקען פּאַר איצע מאירלען אַ לייטישען שידוך. שדכנים קומען אָפּט, קיין כלות פעהלען ניט, נאָר מיט אַ גוט מזל.

און טאַקי גאָר אין גיכסטען איז איצע מאירל פֿון גריזיבאָוו מיט מזל אַ חתן געוואָרען מיט אַ כלה פֿון די נאַלעווקעס.

---

## II.

### זי.

פעליע איז, פֿערשטעהט זיך, אויך פֿון הסידישע עלטערען, נאָר אַ מיידיל דאַרף מען ניט לערנען, אין איהר לעבען דאַרף זי ניט וויסען מעהר פֿון די דריי מצות, זאָל אַ מיידיל וואַקסען ווי זי וויל זיך, מען דאַרף אויף איהר אַזוי ניט אַכטונג געבען ווי אויף אַ יונגיל. און פֿעליע האָט געוואַקסען אַליין, צו פֿינף יאָהר האָט זי אָנגעהויבען געהן אין די "פּרעבלאַווסקע" קינדער שולע, ווען אַרט דאָס, זאָל זיך אַ קינד דאָרט שפּיעלען מיט קינדער, זאָל די "פאַנאַ" דאָרט אַכטונג געבען אויף איהר, וועט דאָס קינד צו הויז פֿערשפּאָרען אַלע מאָל פֿאַלען און וויינען.

אין דער קינדער שולע האָט זיך פֿעליע געשפּיעלט מיט יודישע און קריסטליכע קינדער פֿון פיינע עלטערען. שפּעטער האָט פֿעליע געזאָגט אַז זי וויל גלייך מיט איהרע חברטעס געהן אין אַ פענסיאָן, און פעליע איז געגאַנגען — זאָל אַ קינד געהן — האָבען די טאַטע־מאַמע געזאָגט,— זאָל פֿעליע עפּיס זיך אויסלערנען, אַז איהר מאַן וועט זיין אַמאָל אַ סוחר זאָל זי קענען אַ בריוויל שרייבען און אין בוך פֿערצייכענען.

פֿעליע איז אַרויס פֿון פענסיאָן שוין אַ פֿריילין וואָס רעדט זעהר שען פּאָלניש, קען זיך שען אָנטהון און טאַנצט אויסגעצייכענט, אַ "קראַקאָוויאַק", אַ "מאַזור" און נאָך אַנדערע טענץ.

זי בלייבט צו הויז. עס איז איהר סקוטשנע. די אויפֿפֿיהרונג פֿון איהרע עלטערען אין ברידעריליך געפֿעלען איהר שוין ניט. זי זיצט איבער ביי איהרע חברטעס, שפּאַציערט מיט זיי און ווען זי בלייבט צו הויז לייענט זי די "נייע" פּאָלנישע ליטעראַטור און טראַכט וועגען אַ נייע לעבען, איין אַנדער לעבען.

ווי דער שטייגער איז, וואָס שפּעטער דערוויטערען זיך שול־חברטעס איינס פֿון דעם אַנדערען, פֿון זיי בלייבט פֿעליען ווייניג, זעהר ווייניג, מען בעגעגענט זיך אַמאָל אין אַ יאָהר אויף אַ "וועטשאָרעק", אויף אַ צדקה באַל, וואו מען טאַנצט אַ סך. פֿעליע איז דאָן גליקליך, נאָר דערנאָך דאַרף זי וויטער געהן אַהיים וואו עס איז אַלעס

אַזוי וואָכענדיג אַזוי סקוטשנע, ניט צום האַרצען, אַלעס אַזוי פּ־עמד. פֿעליע פֿערברייננט איהר צייט מיט איהרע ביכער לעזען און אין די שענע טעג האָט זי ליעב שפּאַציערען אויף די קריסטליכע, אויף די שענע גאַסען, ניר אַבי וואָס ווייטער פֿון די יודישע גאַסען — פֿון די נאַלעווקעס. זי נעמט איהרע אַ חבר׳טע אָדער ׳איהרס אַ שוועסטעריל און מען שפּאַצירט. דאָרט אין „זאַקסישען" גאָרטען, אויף דער „קראַקאָווער סקע" אָדער אין די „אַלעען" פֿיהלט זי זיך גליקליך, קיינער דערקענט ניט, אַז זי איז פֿון די נאַלעווקעס, קיינעם קען נאָר ניט איינפֿאַלען אַז זי איז אַ חסידישע טאָכטער. איהר געהן, איהר רעדען, איהר אויפֿפֿיהרען זיך און בכלל איהר גלייכע פֿיגור, איהר שענע דינע טאַליע און איהר קליידען זיך איז ניט צו דערקענען, אַז זי איז אַ יודיש מיידיל, אַלע וואָס שפּאַציערען קוקען אויף איהר ווי אויף זייער גלייכען; אָט געהט אַ עלעגאַנטער העררר און קוקט זיך אום אויף איהר, אָט קוקט איהר נאָך אַ סטודענט און זי פֿערשעמט זיך און קוקט זיך ניט אום אויף קיינעם ווי איין אייראָפּעישע ערצויגענע פֿריילין. פֿעליע פֿיהלט זיך גליקליך, פֿעליע שפּאַציערט ווייטער מיט פֿערגניגען. נאָר אָט ווערט שפּעטליך און זי לאָזט זיך געהן אַהיים און וואָס נעהנטער זי קומט צו די יודישע גאַסען — צו די נאַלעווקעס, ווערט זי אַלץ טרויריגער, איהר פֿריהריגער שטאָלץ, איהר פֿריהריגע צופֿרידענהייט געהט אַראָב, פֿעליעס פּנים בעדעקט זיך מיט אַ יודיש טרויערקייט און ווען זי קומט שוין אויף די נאַלעווקעס ווייזט זיך אויס אַז אַפֿילו איהר גלייכע טאַליע האָט זיך אויך אַ ביסיל איינגעבויגען...

און ווען דער עלעגאַנטער העררר אָדער סטודענט וואָס האָבען איהר נאָכגעקוקט שפּאַצירענדיג אויף די אַלעען זאָלן גראָדע דאָ אויף די נאַלעווקעס איצטער זי דערזעהן ווער זי איז, וואָלט פֿעליע עס ניט איבערגעלעבט פֿון בזיון...

פֿעליע שפּאַציערט ניט איבער די יודישע גאַסען, נאָר זי לויפֿט זיי איבער ווי איינער וואָס טראָגט מיט זיך אַ גנבה...

III.

##ביידע צוזאַמען.

עס איז געקומען די גוטע מזל׳דיגע שעה, האָבען די שדכנים אויסגעפֿיהרט דעם שידוך צווישען פֿעליע מיט איצע מאירלען.

פֿעליע האָט אַפֿילו געטראַכט אַ כלה ווערען פֿאַר ניט קיין חסיד, נאָר „פֿעליע טראַכט און דער שדכן מאַכט", אַזוי איז שוין איינגעפֿיהרט אין וואַרשאַ מיט חסידישע פֿריילינס, מען ווערט ערצויגען אין די פּענסיאָנען, און מען ווערט אַ כלה פֿאַר אַ איצע מאירען. פֿאַר וואָס זשע זאָל פֿעליע זיין אַ אויסנאַמע? פֿעליע האַלט זיך פֿאַר אַ קלוגע און פֿערשטעהט אַז מיט עלטערען דאַרף מען זיך ניט קריגען. פּראָטעסטירען אָדער זיך פֿאַר עמיס מקריב זיין, זיך פֿון עמיס ענטזאָגען און זיך פֿאַר עמיס ראַנגלען אַז דאָס האַרץ זאָל עמיס אַנגיהרען, דערצו איז פֿעליע ניט פֿעהיג, דאָס קומט איהר אַפֿילו ניט אויף דעם מח. אַי דער פּענסיאָן און די „נייע" פּאָלנישע ליטעראַטור דאָס איז גלאַט אַזוי. מען לערענט זיך אויס רעדען, שען טאַנצען, שען זיך אָנטהון און

שענע ביכער לעזען ווען עס איז ניטאָ וואָס צו טהון, דאָס פּאַסט אַלעס פֿאַר אַ פֿריילין, בפרט פּאַסט עס צום שידוך ווען מען דאַרף ווערען אַ כלה. און וואָס איז דען אַזוי שלעכט איצע מאירל פֿאַר אַ חתן? — בּיאָשקעס מיט פֿינגערליך מיט בריליאַנטען, באַנבאָניערקעס, פֿידלען שאָקאָלאַד און... און פֿרייהייט.

כלה־וויז און אַפֿילו איצטער נאָך דער התונה שטערט איהר ניט איצע מאיר צו פֿיהרען אַ פֿריי לעבען. זי שפּאַצירט איצט אויך אָהן איהם אויף די הויפּטגאַסען. איצע מאירל אַליין פֿיהרט זי אָב שבת צום „זאַקסישען‟ גאָרטען, זי לאָזט מען אַריין, ער לאָזט זי דאָרט איבער שפּאַצירען און אַליין גערט ער זיך אַוועק אין שטיבּיל.

היינט ווער, ווער האָט נאָך אַזוי ליעב זין ווייב ווי אַ חסידישער מאַן, ער שטאַרבט נאָך איהרע טריט, ער קוקט איהר אין מויל, צאַפּעלט פֿאַר איהר יעדען גוטען קוק און פֿעליע לאַכט...

יעדען זומער פֿאָהרט פֿעליע קיין אויסלאַנד, איצע מאירל אַליין פֿערשטעהט אַז אַ פֿרוי איז אַ שוואַך בעשעפֿיניש און דאַרף האָבען אויסלאַנד.

ווען פֿעליע קוקט זיך צו צו איהרע אַמאָליגע שול־חבר'טעס וואָס האָבען התונה געהאַט פֿאַר דייטשע מאַנען ווי זיי געהן זייערע פֿרויען נאָך טריט ביי טריט ווי אַ פּאָליציייסקע איין אַרעסטאַנט און אפילו קיין אויסלאַנד לאָזען זיי די פֿרויען אויך ניט פֿאָהרען אַליין, איז זי זעהר צופֿריעדען וואָס זי האָט התונה געהאַט פֿאַר אַ חסיד.

ניט דאָ קיין בעסערע וועלט וויא ביי אַ מאַן אַ חסיד ווען ער האָט נור געלד.

איצע מאיר'ל מיט זיין ווייב שפּאַצירען צוזאַמען נור איין מאָל אין דער וואָך — שבת־צו־נאַכטס. נאָך הַבְדָלָה געהן זיי פֿון די נאלעווקעס דורך די גאַסען פּשעיעזד, רימאַרסקע, פּלאַץ באַנקאָווע, גראַניטשנע אויף דעם „גרזיבאָוו‟ צו זיינע עלטערען צו גאַסט, זיי געהן ביידע רוהיג, געלאַסען, צופֿריעדען, זיי שפּאַצירען, און שפּעט ביינאַכט פֿאָהרען זיי צוזאַמען אויף אַ דראָשקע פֿאַר אַ „דזיענגע קורס‟ פֿון גרזיבאָוו אויף די נאַלעווקעס אַהיים. און אין די נעכט ווען די לְבָנָה שיינט פֿיהלט זיך איצע מאירל גליקליך, עפּיס ריהרט זיך אין איהם אַזוי מְחַיֶה'דיג דאָס הערץ און פֿון גרויס פֿערגניגען זינגט ער זיך אונטער דער נאָז אַ שטיל חסידיש ניגון'דיל...

און ביידע זענען צופֿריעדען...

* * *

צושטעלט זיך אין רייהען אמאליגע טעג,
פערשוואונדענע טעג פון מיין לעבען!
איך וועל אייך אדורכגעהן פון אנהויב ביז עק
און יעדען „שלום" אבגעבען.

איך וועל זיך פאר יעדערן געבען א נויג
און שטרעקען מיט ליעבשאפט די האנד אייך;
עס וועט זיך בעווייזען א טרעהר אין מיין אויג —
איין אלטע — זי איז דאך בעקאנט אייך!

א, קלויבט זיך צוזאמען אמאליגע טעג:
פערגעסט וואס איך האב אייך געשאלטען,
עס איז נור געוועזען פאר צרות אהן ברעג,
עס האט מיך מיט אייך נישט געגאלטען.

איהר זייט אזוי וואלקענדיג, פינסטער געווען
און שווער, ווי די ריזיגע בערגער;
געהאפט האב איך בעסערע טעג פאר מיר זעהן,
אומזיסט אבער! די זענען ערגער!...

א. רייזען.

# דאס כַּפָּרה־הינדיל.

ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאַראָקאָ.

פון

## האָל קען *).

### I.

צוריקפֿאָהרענדיג נאָך אַ שווערע רייזע פֿון פֿעץ איבער וואצען, בין איך נעקומען קיין טעטוען, בשעת אין שטאדט האָט זיך זעהר שטארק גערודערט. עס איז דאַמאלס פונקט געווען דער גרעסטער ערב יום־טוב ביי די מחמדאַנער; אַ טאָג פֿאַר מהמד׳ס, זייער נביא׳ס, געבורטסטאַג; מען האָט זיך גערעכט אויף די כּתּה עסאוו, וואָס האָט געזאָלט אָנקומען פֿון מעקינעץ און יעדער האָט געוואוסט, אַז איידער די זיבען טאָג יום־טוב וועלען פֿאַראיבערגעהן, וועלען אַלע גאסען רויט זיין מיט בלוט פֿון די הייסע פֿאַנאַטיקער מחמראַנער. די אָרימע איינוואהנער פֿון טעטוען האָבען חוץ דעם נאָך איין סבה געהאַט אונרוהיג צו זיין: זיין מאַיעסטעט, דער סולטאַן עַבּ דער־ראַהמאַן האָט פֿערשפּראָכען צו קומען און דאָרט יום־טוב צו האַלטען.

אַ הדש פֿריהער האָט דער סולטאַן פֿערבראַכט אויף די בערג און מיט זיין משונה׳דיגע אַרמעע בעפֿאַלען, ווי זיין געוואָהנייט איז, אַ שבֿט וואָס האָט אין איהם מורד געווען, אום איהם צו נייטהען ווידער צו געבען אָבצאָהלונג. און ער האָט ווידער מְנַצֵחַ געווען; אַרויסיאָגענדיג די איינוואהנער פֿון די בערג און זומפען, האָט ער צוגענומען זייער פֿערמעגען, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזט און די דערפֿער — פֿערברענט. אָבטהוענדיג זיך דאָס זייניגע, האָט ער זך דערמאַנט אָן דעם

---

*) האָל קען (Holl Cein) איז אַ בעריהמטער ענגלישער שריפטשטעלער. איידער ער שרייבט אַ ערצעהלונג, פֿאָרשט ער גרינדליך דאס, וואָס ער וויל בעשרייבען (פֿאַר עטליכע יאָהר איז ער געווען אין פוילען און גאַליציע. אין קראקא האָט ער אַ שבת געוויילט ביי אַ פֿרומע יודישע פאַמיליע און פֿערצייכענט אַלעס, וואָס ער האָט געזעהן), ווי וויט זיינע ערצעהלונגען זענען בעליעבט ביי די ענגלענדער, קען מען פֿערשטעהן פון דעם פֿאַקט: אַז פֿאַר איינע פון זיינע לעצטע ערצעהלונגען, האָט איהם איין הערויסגעבער איין ענגלענדער בעצאָהלט 10,000 פֿונט שטערלינג (בערך 80,000 רובל).

די ערצעהלונג זיינע, וואָס מיר געבען דאָ, האָט ער געשריבען נאָך זיין גרינדליך ערפֿאָרשען דאָס לאַנד מאַראָקאָ און זיינע איינוואָהנער אויפֿ׳ן אָרט און שטעלע.

ר ע ד.

גרויסען יום־טוב, און זיינענדיג נעבען טעטוען וואס איז איינע פֿון די גרעסטע שטערט אין זיין לאַנד, האָט ער בעשלאָסען דאָ־ט צו האַלטען יום טוב און זיינע פֿיעל זעלנער קוואַטיר צו געבען ביי די איינוואוינער פֿון דער שטאָדט.

ווען איך בין געקומען צו פֿאָהרען, איז דער סולטאַן געשטאַנען פֿיער מייל אונטער דער שטאָדט מיט זיינע מיניסטאָרען, א טהייל ווייבער פֿון זיין הארעם *) און מיליטער. אין שטאָדט אריין האָט ער געזאָלט קומען צומאָרגענס אַכט אוהר אין דער פריה און דערוויל האָט מען אין שטאָדט געמאַכט פֿאָרבערייטונגען, מען האָט דאָרט אפילו דעם סולטאַן נישט ליעב, נאר דאָך האָט מען אויסגעלעגט אלע בעשעפֿטיגונגען, און מען האָט געפוצט די גאַסען, ארויסגעהאָנגען דיוואַנעס און פֿאָהנען. מיט גרויס נויט האָב איך קיים בעקומען פֿון דעם גובערנאַטאָר א וואהנונג צו נעכטיגען און אין קורצען האָב איך מיט מיין חבר און וועגווייזער ז ש ע ל א ל י זיך געפֿונען אין א פֿינסטערע, שמוציגע אין פֿיכט צימער, נעבען דעם מזרח־טהויער פֿון דער שטאָדט.

איך האָב גיט געוואוסט, אַז איך וועל בשום אופֿן זיך בעסער ניט מאַכען, דעריבער האָב איך בעשלאָסען ווי צום גיכסטען אַרויסצופֿאָהרען פֿון דער שטאָדט, חאָטש עס איז שוין געוועזען שפעט. איך האָב געהאָפֿט, אַז איידער עס וועט נאַכט ווערען, וועל איך קענען זיין אין גאסטהויז וואָס איז צווישען ט ע ט ו ע ן און ט א נ ז ש י ר.

חוץ דעם, וואָס איך האָב נישט געהאַט וואו צו נעכטיגען, האָב איך גע־האָט פֿיעל השק ארויסצופֿאָהרען פֿון דער שטאָדט, ווייל איך האָב נישט גע־וואלט קיין אַנטהייל נעהמען אין דעם, וואָס האָט געזאָלט אין שטאָדט פֿאָר־קומען צו מאָרגענס. דאָס, וואָס האָט די איינוואוינער פֿון שטאָדט פֿעראינטערעס־סירט, האָט מיר נור נעקענט לאַנגווייליג און עקעלדיג זיין. איך האָב דאָך ניכט געקענט פֿיהלען קיין ליעבע אין צוקוקען דעם כבוד, וואָס מען וועט אָנטהון דעם טיראַן, וואס האָט מאָרגען געזאלט קומען. דעם סולטאַן האָב איך געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען עגאָאיסט, א אויסגעלאסענעם, און זיין שווארץ פנים מיט דעם ווילדען הערליכקייט פֿון זיינע מיניסטאָרען האָבען מיך נישט געקענט אינטערעסירען. מיט דעם סולטאַן האָב איך שוין אַ מאָל געהאַט געשפראָכען; ער האָט מיר דאַמאַלס געשענקט א שמייכעל פֿון זיינע בייזע אויגען און פֿון מיין כבוד וועגען, האָט ער ביים שלום־עליכם ארויפֿגעלעגט זיינע גראָבע, אונבעלאָמפערטע פֿינגער אויף דער ברוסט וואס האָט פֿערבלאַנקט מיט צירונג. אזוי אַז זיין פערזאָן איז ביי מיר קיין נייעס נישט געוועזען און זיין אנקימען האָט מיר נור געקענט מאַכען אונבעקוועהמהייט און אפשר נאָר געפֿאַהר אויך.

און דאָך האָב איך נישט געקענט אַרויספֿאָהרען פֿון דער שטאָדט. מיין וועגווייזער ז ש ע ל א ל י האָט זיך איינגעשפאַרט, אַז ער וועט זיך נישט ריהרען פֿון

---

*) „הארעם" — ווייבער פאלאַץ. אין מזרח לענדער, וואו א מאַנספערזאָן מעג האָבען פֿיעל ווייבער, האָבען די גרויסע לייט „הארעמען", — פאלאַצען פֿיר זייערע פֿיעלע ווייבער.

דער שטאדט. ער איז געוועזען האלב טוידט פון מיעדינקייט. באמת בין איך אויך זעהר מיעד געוועזען, דעמזעלבען טאָג האָבען מיר א וויטע רייזע געמאַכט, די זון האט שרעקליך געברענט, די מוילאייזלען זענען הינקענדיג געוואָרען, און די שמאָלינקע, מאראָקישע זאמדישע וועגען האבען זיך זעהר טיעף איינגעשניטען.

— זשעלאַלי! — האָב איך זיך אָנגערופען קוקענדיג אויף די שמוטציגע ווענד פון אונזער וואהנונג — לעג די מאַטראַצען אויפ'ן דאַך — דאָרט וועלען מיר היינט נעכטיגען.

— געבענשט זאָל זיין אייער באָרד! — האָט אויסגעשריען זשעלאלי מיט שמחה.

אז עס איז מיר בעשעהרט געוועזען צו זיין אין טעטוען, בשעת דער סולטאַן עבד־על־רחמן איז דאָרט אַריינגעפאהרען, זעה איך אצינד, קוקענדיג ארום זיך און זעהענדיג, אַז זי — וואס פריהער האב איך זי אפילו נישט געזעהן און היינט קען איך מיר נישט פאָרשטעלען קיין לעבען אָהן איהר — איז נעבען מיר...

א וואונדערבאַר שענע נאַכט איז דאַמאָלס געוועזען. די לופט איז געוועזען קיהל, אָבער שטיל, אָהן ווינד, נור פון אונטער דער שטאָדט האָט זיך געהערט דאָס שטילע רוישען פון די פאָמעראנצען בלעטער. קיין שטערן האט מען נישט געזעהן, נור די גרויסע לבנה פון די מזרח לענדער האט ווייס בע־לייכט די ווייסע מויערן. ווען אין שטאָדט איז שטיל געוואָרען האב איך מיר אויס־געזוכט דעם מאַטראַץ אויפ'ן גלייכען דאַך פון אונזער פערפוילטע דירה.

אין קיין שום אָרט, איז די נאַכט נישט אַזוי פול מיט טוידטען שלאָף ווי אין די שטעדט, וואָס זענען אין די מזרח לענדער.ביים העלען ליכט פון דער לבנה, בלאַנקען די ווייסע, פיערעקענדיגע דעכער, פון די מעטשעטען *) אונטער זיי ציהען זיך אין אַלע זייטען פינסטערע נאַסען, וואָס זעהען אויס ווי טייכען מיט שוואַרץ וואַסער. פון עטליכע ערטער זעהט מען א ווילע פון וויטענס א רויט פלעמיל פון א לאַמטערן און ווערט ניך פערשוואונדען. א מאָל דערהערט מען אַ ווידער-קול פון א ווינקעל אין באלד ווערט ווידער שטיל. שלאָף, שלאָף און שלאָף פון אַלע זייטען — מעהר נישט. איך האב מיך צוגעדעקט מיט מיין מאַנטעל און אנטשלאָפען געוואָרען.

ווען עס האט אָנגעהויבען צו טאַגען האט מיך אויפגעוועקט דאָס געזאַנג פון א שמש אין מעטשעט, וואָס איז נאָהענט געוועזען פון מיין דירה:

— דער שלאָף איז גוט, תּפלה איז אָבער בעסער! גאָט איז גרויס! גאָט איז גרויס! גאָט איז גרויס!

שוין אַ לאַנגע צייט בין איך דאַמאלס געוועזען אין די מזרח לענדער, דערי־בער האט מיר שוין נישט, אזוי ווי פריהער, זעהר זיס געקלונגען דאָס טרויריגע געזאַנג, וואָס האט זיך געהערט איבער די שלאָפענדע שטאָדט. איך האב נור אָבגעזיפצט, און ציטערענדיג פון די נאַכט־קעלט. האָב איך מיך בעסער צוגעדעקט

*) מעטשעט — אַ געבעטהויז פון די מחמד'אַנער.

מיט'ן מאנטעל און זיך געפריווט אויפ'ס ניי אַנטשלאָפען צו ווערען. עס איז מיר אָבער נישט בעשעהרט געוועזען יענע נאַכט צו שלאָפען. קוים איך האב א דרימעל געטהון, האט מען אין די גאַסען אנגעהויבען צו פויקען און צו שרייען: „שטעהט אויף! שטעהט אויף! שטעהט אויף אום צו בעגריסען אייער הערר! שטעהט אויף! שטעהט אויף!

אין איין מינוט האבען דעם סולטאַנ'ס דינער בעוויזען דאָס, וואס מחמד'ס דינער האבען נישט געקענט בעווייזען. אין איין אוינענבליק זענען די גאַסען פול געוואָרען מיט מענשען. די געשרייען און דאָס לאַכען האָבען מיך דעם שלאָף פון די אויגען פעריאגט און האָבען מיך געצווינגען אזוי פריה אויפצושטעהן.

די זון איז אויפגעגאַנגען רויט, פערהילט מיט א טומאַן און איהרע שטראַהלען האָבען אויסגעזעהן, ווי האַלב געגילדעט. אויף דרום־זייט האָבען געבלאַנקט ווי פורפור זיי פאַמעראַנצען־וועלדער, וועלכע מען רופט „דעם סולטאַנ'ס גערטנער", און די שניי־ווייסע שפיץ בערגער האבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען געפלאַקערט אין פייער. אין דער שטאָדט איז כמעט אויף יעדען הויז געוועזען א רויטער פאָהן און פון עטליכע דעכער האָבען אויך דיוואַנעס אַראָבגעהאָנגען. טעטועןֿ האט דאַמאלס באמת אויסגעזעהן אונגעוועהנליך שען.

ווען דעם סולטאַנ'ס מיליטער האט אנגעהויבען אריינצוציהן אין שטאָדט, איז נאָך די זון נידריג געוועזען. צום ערשטען האָט זיך אין אונאָרדנונג אַריין געשטופּט א שרייענדיגע, אָבגעריסענע ראָטע זעלנער מיט לאַנגע ביקסען; די זעלנער זענען געוועזען פון די ווילדע בערג־איינוואהנער, וואָס האָבען ערשט ניט לאַנג אָנגעהויבען צו דינען אין מיליטער.

זיי זענען אַריין אין שטאָדט דורכ'ן מערב־טהויער און האָבען זיך געשטופּט און געשטויסען אין די שמאָלע גאַסען פון שטאָדט שיסענדיג מיט ווילדע קולות: „עבד־ער רחמן קומט אָן! הינד! מענשען! דעם נביא'ס גלויבער! אונגלויבער! געהט אַרויס! געהט אַרויס!"

יעדער שאָס, יעדעס געשריי האָט אויף די גאַסען אַרויסגעבראַכט פרישע מענשען; די גאַסען זענען פול געוואָרען מיט מענשען. נאָר אינדעם, אַנשטאָט דער סולטאַן, זענען אָנגעקומען צעהן בעוואָפענטע זעלנער, וואָס האבען געפיהרט צעהן געפאַנגענע פון די בערג־איינוואהנער. זיי זענען געשמידט געוועזען אלע מיט איין קייט ביי די העלזער, אַזוי זענען זיי אָבגעגאַנגען הונדערט מייל (ענגלישע), שטאַרקע, שוואַכע, געזונדע, און קראַנקע געפאַנגענע מענשען. עס איז קיינעמס דאַגה געוועזען, מען האָט זיי נישט אָבגעטהיילט, נישט ביי טאָג, נישט ביי נאַכט; עס איז שרעקליך געוועזען צו קוקען אויף זיי. פון זייערע באָרפיסע, צו־וואונדעטע פיס האָט בלוט גערינען און פון די פנימ'ער, וואָס זענען שוואַרץ געוואָרען פון שמוץ און צרות האָט זיך שווייס געגאָסען. דאָס זענען געוועזען דיזעלבע בערג־איינוואהנער, וועלכע דער סולטאַן האט דאָס פערמעגען זייערס גערויבט, זייערע הייזער פערברענט און זייערע ווייבער און קינדער ווייט אין די בערג פעריאָגט. זיי אַליין האט מען געפיהרט צו הרג'ענען אין די תפיסות.

זיבען אוהר האט מען געזאָגט, אז דער סולטאַן מיט זיין סוויטע קומען שוין אָן און איין אויגענבליק האבען זיך די סצענעס אין די גאַסען געענדערט. ווער עס האט נור געטראָגען א בלויען מאַנטעל מיט א ריינעם, ווייסען טורבאַן *), איז גיך ענטלאָפען, אום זיך צו געפינען ערטער אויף די דעכער פון די הויפטגאַסען, אויף וועלכע עס האבען זיך שוין פריהער פערזאַמעלט פערהילטע פרויען מיט זייערע בענלייטער. די בעלי בתים, וואס האבען נעהאַט געוועהר, האָבען זיך געשטעלט אויף די וואַך אין די גאַסען, אום צו אָבהיטען די שטאָדט פון דעם ווילדקייט פון דער גרויסער אַרמעע. יודען אין שווארצע קאַפּטאַנעס מיט קליינע יאַרמילקעס אויף די קעפּ. זענען מיט זייערע ווייבער און קינדער אַרויס פון זייערע גאַסען, וואָס זענען אָבגעטהיילט פון דער שטאָדט און געקומען אויפ'ן פלאַץ פּעדדען מיט פּעהנער און האָבען מיט ווילדע קולות געשריען: „בענש גאָט אונזער הערר־שער!" „גיב, אָ גאָט, נִצְחוֹן אונזער סולטאַן!"

די אַרימע יודען האָבען קיין גרויסען דאנק נישט בעקומען פיר די אויפנאַהמע, וואס זיי האָבען דעם סולטאַן געמאַכט. יעדער אָבגעריסענער האָט זיי געזידעלט און געשריען אויף זיי. אַפּילו דער בלינדער בעטלער, וואס איז געשטאַנען איינגעבויגען ביים טהויער, האט זיי בעשאָטען מיט ביטערע קללות.

— טראָג זיך אַוועק יוד! זאל גאט דיין פאָטער פערברענען! הונד, טהוט אויס די פאַנטאָפעל — עבד־ער־רהמן קומט אָן!

אַזוי האָט מען אויף זיי געשריען פון אַלע זייטען, געטרעטען מיט די פיס, געשלאָגען, געשטופּט איינעם צום אַנדערן. מען האט זיי אַרויסגעריסען פון די הענד די פּעהנער, ענדליך האט מען זיי צוריק געשטופּט אין זייער טהייל שטאָדט מעללאה, דאָרט פערמאַכט און אַפּילו פערוועהרט פון זייערע אייגענע דעכער צו קוקען ווי דער סולטאַן קומט אין שטאָדט אַריין.

די אונגלויבער זענען אַלוא פּעריאַגט געוואָרען, און עס זענען איבערגעבליבען בלויס גלויבער, וואָס האבען זיך געשטופּט און געשטויסען ביז די הויפּט־גאַסען, וואו דער סולטאַן האט געזאָלט דורכפאָהרען, מענער און פרויען, יונגליך, און מיידליך, בעלאַדענע אייזלען, קעמלען, ווייסע און שוואַרצע פּנים'ער, האָבען פערפּולט די גאַסען און פון זיי האט מען געהערט ווילדע געשרייען, קללות, זידלערייען, בקשות:

— אַראַה, אַראַה, אראאה!

— אָ געגנעדיגער, גוטער!

— א קללה אויף דיין זיידען!

— אַללאַה, אללאַה, אללאה! **)

— בָלְק, בלק, בלק!

*) א מין הוט.

**) גאָט, גאָט, גאָט!

פלוצלינג איז די ווילדע מאסע שטיל געווארען, מען האט געעפענט דעם טהויער און דער קאיד פון טעטואן איז אריין מיט א ראטע זעלנער. די מאסע האט מען פעריאגט און די זעלנער האבען זיך אנגעשטעלט אין שורות בייביידע זייטען פון דער גאס; דער קאיד האט זיך געשטעלט ביי דעם מע־ב־טהויער.

איך בין געשטאנען פונקט נעגענאיבער דעם קאיד. נאר דאך איבער דעם גערויש אין גאס האב איך איהם נישט בעמערקט; עס האט זיך אבער געמאכט, אז ער האט מיך געזעהן, אויף איהם זיך גוט איינקוקען. דער זיינער איז געווען פונקט אכט און די זון האט שרעקליך געברענט, דעריבער האב איך געעפענט מיין פאראסאל און איהם געהאלטען איבער מיין קאפ. איך האב נישט געוואוסט, אז אין מאראקא טאר מען זיך געגען דעם סולטאן נישט אבהיטען דעם קאפ פון היץ. קיינער האט מיין פערברעכען נישט בעמערקט, אויסער דעם קאיד, וואס איז געזעסען געגענאיבער מיר אויף א שען, פייערדיג פערד. ער האט באלד געשריען אויף מיר, אז איך זאל דעם פאראסאל פערמאכען, און ווען איך און מיין זשעלאלי האבען נישט געהערט, האט ער גאנץ רוהיג געהייסען דעם זעלנער, וואס איז געשטאנען נעבען איהם, אז ער זאל שיסען צו מיר. דאמאלס האב איך ערשט בעמערקט מיין פערברעכען און אויך דעם קאיד, ווארום דער האט געטראפען אין פאראסאל אריין און האט איהם מיר ארויסגעשלאגען פון דער האנד.

איך האב גיך פערמאכט דעם פאראסאל און אנגעהויבען זיך איינצוקוקען אינ'ם קאיד. ער איז געווען אין מיטעל יאהרען און געזעסען אויף א רויטליך פערד מיט גאלד אויסגעשטיקט דער זאטעל. ער אליין איז אויך געווען רייך געקליידט: אויף א רעקיל פון פערשיעדענע קאליערען האט ער געטראגען א טונקעל ברוינעם מאנטעל. זיין פנים איז געווען שווארץ, די נאז — גראב, פון אונטער'ן טורבאן האט מען איהם ארויסגעזעהן די האר, וואס האבען שוין אנגעהויבען גרוי צו ווערען און פון די אויגען האט איהם ארויסגעקוקט זיין שלעכטיגקייט.

פלוצלינג האט די בעוועגונג אויף דער גאס און אויף די דעכער זיך פערגרעסערט. א מאסע מענשען־קעפ איז אין אונארדנונג ווי צוגעשווימען צו די טהויערן פון דער שטאדט. די זעלנער האט מען געהייסען זיך שטעלען לענגוויז אין ביידע זייטען טייך, דעריבער איז די גאנצע מאסע אין איין מאל, מיט געשרייען און קללות צוגעלאפען דארט אהין. אין דיזעלבע מינוט, האט מען געעפענט די טהוירען פיר דעם אריינפאהרענדען סולטאן.

פריהער זענען אריין צוויי רייטער, נאך זיי פינף זעלנער פון ארטילעריע מיט קליינע ארמאטען, וואס קעמלען האבען זיי געצויגען. דערנאך זענען אנגעקומען פאהגענט־ענער, געקליידט אין רויטע, בלויע און גרינע מלבושים. נאך זיי האבען זיך בעוויזען אולאנען און דעם סולטאנ'ס זעקס פערד. ענדליך איז דער סולטאן אויך געקומען; פון אונטער א רויטען פאראסאל, וואס זיינע דינער האבען איבער איהם געהאלטען, האט מען ארויסגעזעהן דאס טונקלע פנים, פערעלטערט, אויסגעלאסען מיט פערארייטערטע אויגען, אראבגעהאנגענע ליפען און גראבע אנבעלאמפערטע נאז. ער איז געזעסען אויף א שניי־ווייס פערד, בעדעקט מיט א שען גרין

זיידענעם טוך און גאָלד-געהעפּטענע לייצען. אויפ'ן פערד'ס קאָפּ האט געבלאַנקט שלמה המלך'ס הערב, ביים האלז האט געהאָנגען אַ צאָהן פון אַ ווילדע חיה — אַ סגולה נעגען אַ עין-הרע. דער זאָטעל איז געוועזען פון אַדראַמאַשעק מיט זיידענע פּאַסען און גאלדענע סטרעמניעס. ער אַליין איז געוועזען געקליידט אין אַ ראק פון וויים טוך, צוגעצויגען מיט אַ געהעפּטענעם לעדערנעם פּאַס, אויפ'ן קאָפּ — אַ ווייסען טורבאַן.

בשעת דעם סולטאַנס אַריינפאהרען אין שטאדט, האט מען געהערט פון וויי־טענס שיסען פון אַרמאַטען; דער קאַיד איז גיך אַראבגעשפּרונגען פון זיין פערד, געקושט דעם סולטאַנס פיס און די סטרעמניעס און די מאַסע אין די גאַסען האבען אהן אויפהער געשריען:

— בענש, אַ גאָט, אונזער הערשער!

— סולטאַן עַבְּ־עַר־רַחמן!

— אַ לאַנג לעבען אונזערן הערר!

דער סולטאַן איז געריטען און האט זיך נישט אומגעקוקט אויף דעם אלעם זיי גלייך ער וואלט גאר נישט געהערט, נאר איין מאל, בשעת דער קאַיד איז צו איהם צוגעגאַנגען, האט ער די האנד אַרויפגעלעגט אויפ'ן האַרץ, מעהר האט ער נישט געוויזען קיין שום צייכען פון צופרידענהייט, און דאך האבען די מאַסען נישט אויפגעהערט צו שרייען.

— אַלץ איז גוט, אַלץ איז גוט! — האט איינער צום אַנדערן געשריען, זע־הענדיג אַז דער סולטאַן רייט אויף אַ ווייס פערד — אַ צייכען אויף שלום — און זיין שוואַרץ פערד — אַ צייכען אויף מלחמה — ווערט געפיהרט ליידיג אהן אַ רייטער.

די פרויען אין מאַנטלען מיט קאַפּטורען וואָס האָבען זיך געשטופּט אויף די דעכער, האָבען אויך רוישענדיג דעם סולטאַן בעגריסט:

"זיוּ־זיוּ, זִיוּ־זִיוּ, זִיוּ־זִיוּ!

טהייל פרויען, האָבען זיך נישט בענינגען געלאָזט מיט דעם געוועהנליכען בעגריסען, נאר זיי האָבען פון זיך אויך אַראָבגעוואָרפען די שלייער און מיט די אויפגעדעקטע פּנימ'ער אויסגעשריען גאַנצע לויבונגס ווערטער לכבוד זייער הערשער.

דער סולטאַן האָט אפילו נישט געקוקט אויף זיי, אפילו מיט דעם קלענסטען שמייכעל זיי נישט בעדאַנקט, נאר גלייך געריטען ווייטער. זיינע דינער האָבען איהם נעקיהלט זיינע נעשוואָלענע באַקען; זיי האָבען איהם געפּאָכט מיט לאַנגע זיידענע שאַרפען; נאָך איהם זענען געריטען זיינע מיניסטאָרען — פינף רויבער, וואָס שטרעבען מיט אלע מעגליכקייט איבער איהם מעהר צו הערשען.

איך בין זעהר אויפגערעגט געוואָרען פון דעם, וואָס איך האָב געזעהן. דער טיראַן האָט, הוין דעם אָבצאָהלונג צו נעהמען, זיך קיין מאָל נישט געזאָרגט פיר זיינע אונטערטהעניר; ער האָט קיין איינציגען מענש נישט אָבגעהיטען פון עולות, קיין איינציגע פרוי נישט אָבגעוועהרט פון שענדען. דער רייכסטער און דער אָרימ־סטער האָט געציטערט פאַר זיינע תפיסות. די געזעץ זענען נור געוועזן פאַר איהם

אליין; זיין רעגירונג האָט זיך נור בעשעפטיגט מיט נעהמען יעדעס מאָל נייעס אבצאָהל. און דאָך האט מען איהם אַזוי בעגריסט.

שרעק, שרעק! שרעק האָט ערפילט דאָס הערץ פון דעם רייכען, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם דאך, וועלכער האָט בעהאַלטען זיין פערמעגען; שרעק האָט ערפילט די נשמה פון דעם בלאָנדען בעטלער, וועלכען מען האָט אמאָל אויסגעשטאָכען די אויגען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט ווייזען, וואו ער האט זיין געלד בעהאַלטען.

בשעת אַלע, אויף די דעכער און אויף די גאַסען, האָבען געקוקט נור אויף דעם סולטאַן, האָב איך בעטראַכט דעם טהייל פון דעם סולטאַנס הארעם, וואָס איז אָנגעקומען נאָך די מיניסטאָרען. אַלע פרויען זענען געריטען אויף קעמלען און זענען געהיטען געווען דורך עאונאָכען (סריסים), אויסער איינע וואָס איז געפאָהרען אין אַ קארמאזינע לעקטיקא, וועלכע איז געוועזען געשפאַנט אין צוויי אַראַבישע פערד מיט בלאָס-גרין זיידענע בעפוטצונגען, און איז געווען בעדעקט מיט אַ געדיכ־טען שלייער.

איך האָב באַלד פערשטאַנען, אַז די פרוי אין דער לעקטיקא, איז דעם סול־טאַנס אַ נייע געליעבטע, זי איז גליקליך און ערוועקט קנאה ביי די אַנדערע פרויען פון דעם האַרעם. און זי בעקלערט זיך קיינמאָל נישט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען זי וועט איהר שטעל מוזען אָבטרעטען אַ אַנדערע.

„אָ גאָט, האָב רחמנות אויף דעם אָרימען, נאַרישען בעשעפניש!"— האָב איך אונווילענדיג געמורמעלט. נאר איידער איך האָב נאָך דאָס אַרויסגערעדט, האָט זיך איין פערד פון איהר לעקטיקא אויסגעגליטשט אויף דעם אונברוקירטען וועג. איך האָב געמיינט, אַז די פרוי וועט אַרויספאַלען פון דער לעקטיקא, זי אַליין האָט זיך אויך געמוזט דערשרעקען, וואָרום זי האָט זיך אָנגעהאַפּט מיט ביידע הענד אָן די לעקטיקא און דעם שלייער פון זיך אַראָבגעוואָרפען. דאָס פערד האָט אָבער זיך גיך אויפגעהאַפּט. איין עאונאָך האָט דעם שלייער צוריק פערהאָנגען און די לעקטיקא איז ווייטער געפאָהרען. די קורצע צייט איז פאַר מיר גענוג געווען צו זעהן דאָס פנים פון די פרוי.

וואָס פאַר אַ קאָליער האָבען איהרע אויגען געהאַט, צי איז איהר פנים שוואַרץ געווען, אָדער ווייס — דאָס האָב איך דאַמאָלס נאָך נישט געוואוסט, און דאָך ווען דער עאונאָך האָט איהר פנים פערדעקט, האָט עס אויף מיר געמאַכט אַ איינדרוק, ווי פלוצלינג ווערט די זון פערדעקט מיט אַ שוואַרצען טומאַן...

וואָס ווייטער איז געוואָרען, ווייס איך נישט מעהר, נור אַז מען האָט פער־מאַכט די טהויערען פון דער שטאָדט, כדי נישט אַריינצולאָזען דעם סולטאַנס איבע־ריגע מיליטער און איך בין געווען אין מיין וואָהנונג, וואו זשעלאלי האָט פאָר־בערייטעט פריהשטיק. איך האָב אָבער גאָר נישט געקענט עסען, די קאַפע האָט מיר נישט געשמעקט, די טייטלען האָבען מיר אויסגעוויזען ווי אָהן זאַפט.

ווער איז זי געווען? וואָס איז זי געווען? דעם סולטאַנס ווייב, אָדער נור אַ קעפסווייב? פון וואַנען איז זי געווען? — איך האָב בעשלאָסען אַז זשעלאלי

מוז דאס אַלעס געוואָהר ווערען. איהם ווער דאָס לייכט אַנקומען, ווייל ער איז א מהמדאַנער.

דערווייל, ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז ער האָט גלייך מיט מיר געזעהן די פרוי, וואָס איז געפאָהרען אין די לעקטיקא, איז ער שרעקליך ערשראָקען געוואָרען. אַ אונטערטהאַנער פון דעם סולטאַן, וואָס זעהט דאָס פנים פון דעם סולטאַנס ווייב, איז חייב מיתה. זשעלאלי האָט געוואוסט פיעל מעשיות פון די, וואָס זענען געהרגעט געוואָרען, ווייל זיי האָבען געזעהן די סולטאַנס פרויען.

איך האָב איהם ערקלערט, אַז איינער קיינער ווייס נישט פון דעם פערברעכען, האָט ער נישט וואָס מורא צו האָבען. דערנאָך האָב איך איהם שטרענג געהייסען געהן צום קאיד'ס משרתים, און געוואָהר צו ווערען, ווער און פון וואַנען יענע פרוי אין דער קאַרמאַזינע לעקטיקא איז.

איך האָב פון גרויס אונגעדולד נישט געקענט בלייבען אין דער היים, און דעריבער בין איך אַרויסגעגאַנגען איבער דער שטאָדט, וואו עטליכע פאַמיליעס פון די בערג־איינוואָהנער האָבען בעוויזען קונצען מיט געוועהר, לויפען, רייטען און אַ מעהרסטען — אויפזעצען זיך אויף פערד בשעת זיי לויפען ווי אַ גיכסטען. מאַסען מענשען האָבען צוגעקוקט די קונצען און אָהן אויפהער געשריען: „אללאה! אללאה! אללאה!“

ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים, האָב איך שוין געטראָפען זשעלאלין וואַרטען אויף מיר מיט דער ידיעה: די פרוי אין די קאַרמאַזינע לעקטיקא, איז נישט געוועזען דעם סולטאַנס ווייב און אויך נישט זיין קעפסווייב, נאָר דער קאיד האָט זי דעמזעלבען טאָג געשיקט דעם סולטאַן אַ מתנה, אַלס צייכען אויף שלום!

איך בין דערשראָקען געוואָרען. אַ מתנה דעם סולטאַן? בכן זענען חוץ די מויערינען פון אַטלאַס, געווען נאָך אַנדערע שקלאַפינען אויך? בכן עקזיסטירט נאָך ביז היינט אין מאַראָקאָ דער האַנדעל מיט ווייסע שקלאַפען?

דער קאָפּ מיט דעם האַרץ האָבען מיר פון כעס געברענט. איך האָב בעשלאָסען, אַז זשעלאלי מוז נאָך גוט געוואָהר ווערען, ווער דאָס מיידיל איז.

כדי צו בערוהיגען מיינע נערוון און צו קירצען די צייט פון וואַרטען אויף תשובה פון זשעלאלין, בין איך אַרויסגעגאַנגען דורך אַ זייטיגע טהירעל אונטער די שטאָדט, וואו דעם סולטאַנס אַרמעע איז געווען. די איינוואָהנער פון דער שטאָדט, האָטש זיי האָבען די אַרמעע פערמאַכט די טהירען, דאָך האָבען זיי אַרויסגעשיקט צו דער מתנה פינפציג קעמלען מיט אַלע מינים עסענוואַרג. נאָך דעם עסען האָבען קונצענמאַכער זיי געוויזען קונצען, כישוף־מאַכערס און שלאַנגען־בעשווערער זענען געקומען פון דעם טיעפען מדבר, אַנדערע האָבען זיי ערצעהלט טרויריגע און לוסטיגע מעשיות, אַלע צוזאַמען האָבען געשפּיעלט אויף דזענברי (אַ מורישער אינסטרומענט אויף צוויי סטרונעס) זיצענדיג אין אַ האַלב ראָד אויף דער ערד נעבען די זעלנער און זייערע ווייבער. אָהן די פערוויילונגען, הויבט זיך דאָרט גאָר נישט אָן. צו לאָזען זיך אָבנאַרען ווויסענדיג, אַז מען ווערט גענאַרט, איז דאָס גרעסטע פערגניגען אין דעם לאַנד, וואו דאָס גאַנצע לעבען איז נור נאַרעריי.

דאָס האַרץ איז ביי מיר ווי אַ שטיין געוואָרען, ווען איך האָב דערהערט פֿון זשעלאַלי ווער דאָס מיידיל איז געווען. זי איז געווען אַ מאַראָקאַנישען יודענס אַ טאָכטער. איהר פֿאָטער האָט געהייסען ישראל בן אֶליאל. בערך דרייסיג יאָהר האָט ער געוואָהנט אין טעטואן און זיין הויז קען מען זעהן אין דעם טהייל שטאָדט מעללאה. אַ לאַנגע צייט האָט ער הן געהאַט ביי דעם קאַיד און האָט געהערשט איבער אַלע איינוואָהנער פֿון דער שטאָדט, יעדענס לעבען, מהמד׳אַנערס, יודענס, די אפילו גרעסטע לייטס איז געווען אין זייער האַנד. דאָס מיידיל האָט געהייסען נעמי. אַ חדש צוריק האָט מען זי געזעצט אין דער תפיסה קאַסבי, איבער אַ פֿער־ברעכען געגען דעם דת און דערנאָך האט מען זי פֿערמשפּט געהרג׳ט צו ווערען. נאָר יענעם טאָג אין דער פֿריה איז זי פֿריי געווארען און פֿון איינעם ווילען, אָדער פֿון קאַידס ווילען, איז זי געשיקט געוואָרען אַלס מתנה דעם סולטאַן.

וואָס האָב איך געקענט צו דעם טהון? דאָס מיידיל איז געווען עבד־ער־רהמן׳ס אונטערטהעניגן און ער האָט מיט איהר געקענט טהון אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. קיין ישום אויסלענדער האָט איהר נישט געקענט העלפֿען. דאָך האָב איך בעשלאָסען אויפֿצוזוכען בן אֶליאל׳ן, אום פֿון איהם געוואָהר צו ווערען, וואָס זיין טאָכטערס זינד איז געווען.

איך האָב פֿאָרויס געוואוסט, אַז מיין גאַנצע אַרבייט וועט זיין אומזיסט — און דאָך בין איך געגאַנגען קיין מעללאה און דאָרט האָב איך געפֿונען נעמי׳ס פֿאָטערס הויז, וואָס איז געווען דער ישענסטער בנין אין דער גאַנצער טהייל שטאָדט. אָן דעם גרויסען הויז, האָט מען דערקענט צייכען פֿון אַ חורבן; מען האָט דערקענט, אַז פֿערווילדטע מענשען האָבען דערין זייער כעס געשטילט. אָבער וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען?

צוויי יודען אין מיטעל יאָהרען זענען געשטאַנען מיט די הענד אין די קעשענעס אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנד פֿון אַ הויז, וואָס איז דערביי געווען, זיי ביידע האָב איך שוין געזעהן אין דער פֿריה, צווישען די, וועלכע מען האָט געזידעלט אין זייער טהייל שטאָדט.

— צי וואָלטען זיי מיר נאָר נישט געקענט ערצעהלען וועגען ישראל בן אֶליאל׳ן? האָב איך זיי געפֿרעגט.

— גאָר נישט, האָבען זיי געענטפֿערט.

— צי איז ער געשטאָרבען? מען האָט איהם אֶפשר גענומען אין דער תפיסה אריין?

— ניין, נישט היינט.

— וואָס ושע דען איז מיט איהם געוואָרען?

— ווער קען וויסען! וואָס פֿאַר אַ זינד האָט זיין טאָכטער געטהון?

— גאָט וויים.

מעהר האָב איך שוין נישט געקענט פֿרעגען. מירא, ש׳עק הערשט אין גאַנ־צען לאַנד... אָרימע נעמי! איך וואָלט מיין לעבען מקריב געווען, אום צו קענען געוואָהר ווערען פֿון איהר מויל דעם גאַנצען אמת. אין דער פֿריה איז זי געווען אין דער מיאוסער תפיסה אין אָוועגד — אין די נאָך מעהר מיאוסע אַרמען פֿון דעם שוואַרצען אויסגעלאַסענעם...

צוריקנעהענדיג אהיים, האָב איך נעזעהן, אַז די גאַסען זענען ליידיג געמאַכט געוואָרען פֿאַר די כתּה ע ס א ו ו, וואָס האט דאָרט נעזאלט מאַכען איהרע משוגענע צערעמאָניעס. ווען עס האט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען זענען אָנגעקומען צוויי האַלב נאַקעטע מאַנסלייט און צוויי אין גאַנצען נאַקעטע מיט זייערע הויפּט־פּריס־טער (כהנים גדולים), דריי זקנים מיט לאַנגע בערד און לאַנגע טונקעלע קליידער מיט פֿאַקלען אין די הענד. צום ערשטען האָבען זיי צושניטען לעבעדיגע שאָף און ציעגען, הינד און קעץ, און האָבען דאס אַליץ אויפֿגעגעסען רויערהייט, בשעת פֿרויען און קינדער האָבען זיך געשטופּט און געשטויסען אין דער פֿינסטער אויף די דעכער. אום צוצוקוקען די שרעקליכע סצענעס. דערנאָך האט יעדער איינציגער פֿון די משוגעים זיך זעלבסט אויסגעריסען שטיקער פֿלייש און געשלאָגען דעם קאָפּ אָן שטיינער ביז דאָס בלוט איז גערינען ווי פֿון קוואַלען און די גאַס האָט אויס־געזעהן ווי אַ טייך פֿון בלוט.

איך האב מיך מיט אַ עקעלהייט אַוועקגעדרעהט פֿון זיי. מיט וואָס האָט דאָס מיידיל נעקענט זינדיגען נעגען דעם דת, וועלכען די משוגעים געבען אָב כבוד אויף אַזאַ אופן? -- האָב איך זיך געטראַכט.

אין דער היים האט מיר ז ש ע ל א לי דערצעהלט, אַז דאָס מיידיל, וואָס איז געפֿאָהרען אין דער קאַרמאַזינע לעקטיקאַ איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרען און מען האט זי צוריק אַוועקגעפֿיהרט אין דער תּפיסה.

איך בין מודה, האָטש עס זעהט אויס ווי איין אכזריות, אַז איך האָב פֿרייער אָבגעעטהעמט, ווען איך האב געהערט, אז נעמי איז אין דער תּפיסה און נישט ביי דעם סולטאַן.

איך האָב בעשלאָסען מאָרגען אַרויסצופֿאָהרען פֿון טעטוע'ן. נעמי'ן וועל איך סיי־ווי־סיי ניט קענען העלפֿען, – וואָס האָב איך ווייטער דאָ צו טהון?...

אויף דער גאַס האט מען פּונקט געהערט דעם געשריי פֿון דעם שמש פֿון מעטשעט, בשעת איך מיט זשעלאלין זענען אַרויס פֿון דער שטאָדט. מיר האָבען זיך געמוזט זוכען אַ וועג צווישען די זעלנער, וואס זענען געשלאָפֿען אויף דער גאַ־לער ערד. קיין איינציגער פֿון זיי האָט זיך נישט אויפֿגעוועקט, אפילו די קעמלען האָבען געדרעמעלט. נאר די אייזלען וואס זענען הינקענדיג געוואָרען פֿון דעם שווע־רען וועג, זענען געשטאַנען אָנגעזאַטעלט און געגעסען דאס ביסיל היי, וואס איז זיי איבערגעבליבען.

מיר זענען געריטען צווישען פּערשיעדענע, שענע בוימער: באַרען, הדסים געפֿלאָכטענע, קאַקטוסען, פֿייגען און ווען איך בין געקומען אין דאָרף ס ע מ ס א, האָב איך מיך געשטעלט אויף אַ באַרג, אום נאָך אַ מאל צו זעהן די שטאָדט, אויף וועלכע מען זאגט, אַז פֿון דעם אָרט, זעהט זי אויס עהנליך צו ירושלים.

די גאַנצע שטאָדט האט זיך דאמאָלס געבאָדען אין די זון־שטראַהלען, פֿון איין זייט האָט זי בע"נ, וואס אויף זייערע שפּיצען ליגט שניי, אויף די צווייטע זייט — דעם טיעפֿען ים און מיר האט זי דאמאלס אויסגעוויזען ווי אַ גרויסער, וויי־סער פֿלעק, איינגעפֿאַסט אין פּאָמעראַנץ באַנד. קוקענדיג אויף דער שטאָדט פֿון

ווייטענס, האב איך מיר צום הארץ גענומען מיין נייעם סוד: איך האב פערלאזט די שטאדט צוזאמען מיט מיין נארישע ליעבע...

א האלבע שעה דערנאך, רייטענדיג אויף דעם עזעל, האב איך מיך ווידער דערמאנט אן אלעס, וואס איך האב נעכטען געזעהן, און מיט גרויס צער געדענקט אן דעם ארימען אונגליקליכען מיידיל. ווען איך בין געווען פערטיעפט אין די טרויריגע געדאנקען, בין איך שטעהן געבליבען נישט ווייט פון דעם גאסטהויז, אין וועלכען רייזענדער רוהען זיך אב, און בין שיער ניט געפאלען איבער די שטיקער פון לעהם, פון א קליינינקען הייזיל, וואס פאר זיין שוועל איז געזעסען איין אלטער מאן.

עס האט זיך מיר געדאכט, אז אזוי א ארים ארט האב איך נאך נישט בעגעגנט, אין דער גאנצער צייט פון מיין רייזע אין דעם געמיינעם לאנד. די ליימענע וועגד פון דעם הייזיל זענען איינגעפאלען און געפלאצט, דער דאך, וואס איז געדעקט געווען מיט וואסער גרעזער, האט אויסגעזעהען ווי א צושמעטערטער זענעלבוים פון א צושלאגענע שיף. דער אלטער, א יוד, איז געווען בארפוס, אהן א היטיל אין א אלטען צוריסענעם קאפטאן, זיין פנים איז געווען לאנג, מיט א גרויסע, גרויע בארד, זיינע האר פון קאפ זענען אויך געוועזן לאנג און גרוי, אן זיין קאפ האט מען דערקענט זיין אלט יודישע העלדען ראסע (גזע) — פון וואנען האט ער זיך דא גענומען?

איך בין צוגעריטען צו דעם אלטען. נאר ער האט מיך נישט בעמערקט. ווען איך בין שוין נאהענט געווען צו איהם, האב איך דערקענט אין זיינע אלטע גרויסע אויגען, אז ער איז א צודילטער. ער האט גערעדט צו זיך ענגליש, ווייך, צארט, דערביי אויך א נאמען דערמאנט. אין אנהויב, האב איך געמיינט, אז איך האב א טעות, איך הער דעם ווידער־קול פון דעם, וואס איך קלער שטענדיג, אבער ניין. ער זאגט בפירוש ארויס דעם נאמען — נ ע מ י.

זאל דאס זיין דער פאטער פון דער, וואס איז ערשט נעכטען אזוי שען גע־פאהרען מיט דעם סולטאנס מתנה?...

איך בין גיך צוגעריטען צו דעם גאסט־הויז, אום געוואהר צו ווערען אויב איך בין מיך נישט טועה. און עס איז טאקי אזוי געווען, ווי איך האב געמיינט. דער צודילטער אלטער, איז טאקי געווען י ש ר א ל  ב ן  א ל י א ל, נעמיס פאטער. זי ליגט קראנק אין דער תפיסה, און ער, וואס האט דרייסיג יאהר געהערשט איבער גאנץ ט ע ט ו ע ן — איז דא אין דער ביטערער לאגע!

פערקליינערן זייערע יסורים, פערבעסערן זייער לאגע, האב איך ליידער נישט געקענט, דאך האב איך גרויס חשק געהאט, געוואהר צו ווערען אלע פרטים פון זייער אונגליק.

— זשעלאלי! — האב איך א געשריי געטהון און אומגעדרעהט מיין עזעל — מיר פאהרען צוריק קיין ט ע ט ו ע ן.

(פארטזעטצונג קומט).

# קריטיק.

ד"ר כ. יעווזין. **היגיענישע ביבליאָטעק** נומר 1. ריינליכקייט און געזונד. ווילנא תרס"א.

דעם ד"ר יעווזין איז איינגעפֿאַלען אַ גליקליכער געדאַנק: אַרויסגעבען פֿאַר'ן פֿאָלק אויף פּראָסט יודיש אַ "היגיענישע ביבליאָטעק". אונזער פֿאָלק קומט אויס זעהר אָפּט צו הערען "מוסר" פֿון זיינע מַגידים און שרייבער פֿאַר גרויסע און קליינע חַטאים אַקעגען דער נשמה; און ווי אַזוי מע פֿיהרט זיך אויף אַקעגען דעם גוף — דאָס געהט קיינעם נישט אָן, און קיינער טהוט זיך נישט די מיה זיך אויף דעם אויך אַביסיל אומקוקען. ס'איז שוין אָבער לאַנג צייט צו וויסען און פֿערשטעהן, אַז מיר יודען דאַרפֿען זיך שטאַרק קלאַפּען "על חטא" פֿאַר אונזערע פֿערברעכען נישט נור אַקעגען דער זינדיגער נשמה, נאָר נאָך מעהר אַקעגען דעם שוואַכען גוף. אֱמֶת, אונזערע ברייטער זענען דַוקאַ גרויסע בַעלַנים אויף "דאָקטערען" זיך, נאָר פֿערהיטען פֿון אָנהויב דעם קערפּער, ער זאָל נישט ווערען פֿאַר דער צייט אַ "שְבָרֵי־כֵּלִי", וואָס טויג צו גאָר נישט, — אויף דעם האָט אַ יוד קיין צייט און קיין געדולד, און ווייסט טאַקי אויך נישט ווי ווייט וויכטיג דאָס איז פֿאַר איהם און פֿאַר זיינע קינדער... איצט האָט ד"ר יעווזין גענומען אויף זיך די מיה צו ערקלערען דעם פּראָסטען עולם אויף זיין שפּראַך, וואָס דער גוף פֿאָדערט כְּדֵי ער זאָל קענען האָבען אַ לייטיש פָּנים און וואָס ס'איז נייטהיג אויף אָבצוהיטען איהם בעצייטענס פֿון "אַלדעס בייז". פֿאַר אַזאַ אַרבייט פֿערדיענט אונזער דאָקטער אַ גרויסען "יִישַר־כֹּחַ".

אינ'ם ערשטען ביכיל, וואָס איז דערווייל אַרויס פֿון דער "ביבליאָטעק", ווערט גערעדט איבער "ריינליכקייט און געזונד".

"מיר אידען — זאָגט ד"ר יעווזין — קענען זיך ניט בעריהמען מיט אונזער ריינליכקייט. זיין ריין איז עפּיס מַעֲשֵׂה גוי"... קומען קומט עס ניט, ווי מע קען מיינען, פֿון אָרימקייט אַליין. נישט ליגען אין שמוץ קען אויספֿיהרען אַ אָרימאַן אויך. "ריינליכקייט" פֿאָדערט קיין הוצאות ניט, עס פֿאָדערט נור אַביסיל טִרְחָה. מע דאַרף נור פֿערשטעהן ווי וויכטיג דאָס איז, וועט מען געוויס ניט זאַלעווען די ביסיל אַרבייט אום ריינליכקייט. מען דאַרף נור פֿערשטעהן אַז די ביסיל אַרבייט וועט ברייגנען מעהר נוטצען און פֿערגניגען אין לעבען ווי די סאַמעטענע מאַנטלען וואָס הייגגען און פֿוילען אָפּען וואַנד, ווי די סך פּערענעס וואָס פּלאָדען נור בלאָטע א. ז. וו." (ז. 1—2).

איבער פֿינפֿערליי ריינליכקייטען רעדט ד"ר יעווזין אין זיין ביכיל: איבער ריינליכקייט פֿון דער לופֿט, פֿון דער וואָהנונג, פֿון קערפּער, פֿון די קליידונג און פֿון בעט און בעטגעוואַנד. און דאָס אַלעס פֿערנעהמט נישט מעהר ווי אַ 17 זייטליך!

אַביסיל ווינציג, נישט אמת? מיינט נישט פֿון דעםטוועגען אַז אונזער געעהרטער מְחַבֵּר שרייבט תמיד צו קורץ און „טריקען". פֿערקעהרט, ערטערווייז קומט אויס ביי איהם גאַניץ לעבעדיג. אַ שטיקיל מוסטער פון זיין אַרט שרייבען האָב איך שוין געבראַכט פֿריהער; ס'איז כּדאַי צו ברייגגען נאָך איין אָרט: „וואָס זאָלעוועט איהר, ברידער — שרייט אויס אונזער דאָקטער — אביסיל פֿרישע לופֿט? גאָט האָט בעשאַפֿען אַזוי פיעל לופֿט אַז עס וועט קלעקען פֿאַר אַלעמען. וואָס־זשע פערשפּאַרט איהר טהיר און טויערען, וואָס ציטערט איהר אַזוי איבער אייער ליעבען רֵיח? איהר האָט מוֹרא עס זאָל אַרויסגעהן די ליעבע וואַרעמקייט, איהר טולעט זיך אין אַכטצעהן קאַפּטליך... פּתְחוּ שְׁעָרִים! עפֿענט אויף די טהירען און די פֿענסטער, לאָזט אַריין פֿרישע לופֿט. לאַזט אַריינשיינען די זון אין אייערע פֿערשפּאַרטע קאַמערען, האָט נִיט מוֹרא פֿאַר פֿרישע לופֿט, פֿאַר אַביסיל קעלט, אויף מיין אַחריוּת, איך בין אַ דאָקטאָר" (ז. 4). עס קען אַפּילו זיין, אַז אַנדערע וועלען נעפֿינען דאָס א ז ו י שרייבען הייסט שוין אַביסיל „איבערגעזאַלצען". איך געפֿין עס נישט. דען נור מיט אַזאַ אַרט שרייבען קען מען נאָך האָפען, נאָך מיין מיינונג, אַז אונזערע מאַסע, וואָס ווייסט זיך נור צו קוויקען מיט די געוויסע „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען", זאָל בעקומען אַמאָל הֵשֶׁק דורכ־צולעזען אַזאַ נוטצליך ביכיל אויך.

ליידער האָט אונזער מחבר אין איינינע ערטער גאָר ווי פֿערגעסען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהון, און ער איז שוין צופֿיעל מְקַצֵּר דאָרט וואו עס וואָלט גאָר נישט געשאַדט ער זאָל אַביסיל מעהר מאַריך זיין, כדי עס זאָל אויסקומען מעהר פערשטענדליך פֿאַר זיין קלאַס לעזער, וואָס הערט דאָס ערשטע מאָל דערצעהלען, אַשטיינער, איבער מיקראָבען אָדער איבער זויערשטאָף אין דער לופֿט א. ד. ג.

אַזוי ווי מיר דאַרפֿען האָפֿען אַז די נוטצליכע „היגיענישע ביבליאָטעק" וועט זיך נישט בעגנינען מיט נו' 1 אַליין און נאָכדעם וועלען געהן נאָך פֿיעל ביכליך, — רעכען איך דעריבער פֿיר נייטהיג אויפֿמערקזאַם מאַכען דעם געעהרטען מחבר נאָך אויף אַפּאַר קליינינקייטען: 1) עס וואָלט נישט איבריג נעױען ער זאָל אַביסיל מעהר אַכטונג געבען אויף דעם „מין" פֿון די הויפּטווערטער און שטעלען אויפֿ'ן רעכטען פּלאַטץ די אַרטיקלען „דער, די, דאָס", און נישט פֿערבייטען זיי איינס אויף דעם אנדערען, ווי דער עולם איז זיך נוֹהג אין ליטאַ... 2) עס וואָלט אויך גלייך געוועזען ער זאָל זיך נישט בענוטצען מיט אַזוי פֿיעל רוסישע ווערטער, דאָרט וואו ס'איז גאָר איבריג לַחלוּטִין. וואָס פֿאַר אַ י ו ד י ש ע ן טַעַם האָט, לְמָשָׁל, אַזאַ פֿראַזע: „דאַרף מען זיך ס ט אַ ר ע ן דאָס קינד זאָל זיך פ ר אַ ו ו י ל נ ע ענטוויקלען" (ז. 5)? פֿון איינציגע ווערטער איז גאָר קיין רעדע נישט, אויף יעדעס זייטיל וואַרפֿט זיך אין די אויגען אַזעלכע מיני ווערטער ווי: זאַלעווען, זאַפּאַסעט, אַטבראַסען, סטאַק, פּול, פּרעדמעטען, נעפּריאַטנע, אַפּאַסנע, זאַראַזליווע, וויגאַדע א. ד. ג. מען דאַרף קיינמאָל נישט פֿערגעסען, אַז אַזעלכע ביכליך דאַרפֿען נוטצען נישט נור פֿאַר רוסישע יודען אַליין. און אויסער דעם, האָט עס גלאַט אָהן אַלעמען קיין שום פּנים נישט צו מאַכען פֿון אַ שפּראַך, זי מעג זיין „זשאַרגאָן", אַ מין מיש־מאַש...

**דער ציוניסטישער גלאקק** אדער אונזערע צייניסטען. פון ראובן בן אברהם גראנאווסקי.
ווארשא, תרס"א.

איבער דעם דאזיגען "ווערק" אליין איז געווים נישטא וואס צו רעדען. מילא אז עס געפינט זיך ביי אונז נאך א מין נפש, וואס איז קראנק אויף דער מאדנער קרענק פון "שרייבעריי" וועלכע לאזט איהם נישט רוהען און טרייבט איהם פארט צו שרייבען און דרוקען, צו קלינגען אין "גלאק", כדי עס זאל מיט איהם קלינגען די וועלט, מען זאל אומעטום וויסען אז פריהער אין אדעס און דערנאך אין ווארשא געפינט זיך האצקעל ב"ר טודרוס, וואס קען שיטען פונ'ם ארבעל גראמען וויפיעל אייער הארין גליסט? קארג האבען מיר, ברוך־השם, ביי אונזערע יודען אזעלכע מיני "קינצלער", וואס קענען שרייבען, ווי פרוג זאגט: "שירים, מליצות ווארט צו ווארט, א'ן אנטיק צוזוי־בגעפארט, ווי למשל, טאטע, שמאטע: ציעגען, פליעגען; איציע, פיציע, פיצעריציע א. ז. וו."? נו איז צו דער מחנה צוגעקומען נאך א "העלד", וואס האט געפונען א ארט אויסצושיטען זיין "איציע, פיציע, פיצעריציע" אויף די ציוניסטען און "זינגט", למשל, אזוי:

אין "פרשת דרכים" אין איין ארטיקל
איז וועגען קאלאניזאציע פערשנען אזא שטיקעל.

אדער:

אין דער עסטרייכישער וואכענשריפט איז פיעל ארטיקלען פערהאנען,
וואס ווייזען, אז נארדוי איז אטעאיסטיש געוואנען...
און די באמבע וואס נארדוי טראגט איצטיגס מאהל,
אויף אונטער צו לייגען דער בית ישראל,
קען מען גאר אנדערש ניט זאגען
אז הערצעל העלפט זי איהם אויך אונטערטראגען.

האט מען עפים וואס צו רעדען פון אזא מין "דיכטער" מיט זיין, איך בייט אייבער אייער כבוד, "דיכטונג"? ער מיינט געביך אז עד טראגט באמת א גאנצע "באמבע" אונטערצולעגען "אונזערע ציוניסטען". לאז ער מיינען. וועמען קען עס הארען? זעהט איהר, כדאי איז יא צו רעדען עטליכע ווערטער איבער די דאזיגע וואס "העלפען זי איהם אויך אונטערטראגען", איך מיין די "הסכמות" וואס עטליכע "גדולים" האבען געגעבען דעם מהבר אין פארם פון בריעף, וועלכע זענען געדרוקט אין אנהויב פונ'ם "ווערק" פאר א "שמירה".

איהר דארפט וויסען אז דערזעלבער מחבר האט שוין ארויסגעגעבען מיט עטליכע יאהר צוריק א "הבור", פערשטעהט זיך, אויך אין גראמען און אויך אקעגען די ציוניסטען, און מיט דעם, דערצעהלט ער געביך אליין, "האב איך אין געפאהר מיין גאנ'ן לעבען געשטעלט... מע האט מיך גערודפט, געמוטשעט אהן שיעור", אדער ווי ער זאגט אויף א אנדער ארט:

מע האט איהם אינקוויזיטאריש גערודפט, געמוטשעט,
צו שטערען דאס פערברייטונג—מוכר ספרים דערקוטשעט...

פשוט, אַ צער־בעלי־חיים... ווער ווייסט, אפֿשר האָבען די ציוניסטען אין דער צייט געוואָלט איהם שוין עטליכע מאָל היינגען, טרינקען, סמ'ען, אַבי צו פּטור ווערען פֿון אַזאַ געפֿעהרליכען שונא... עס קען גאָר זיין אַז אין באַזעל האָט מען אויפֿ'ן קאָנגרעס געהאַלטען אין איין טראַכטען מיטלען אָקעגען איהם און מען האָט איבער־געגעבען גאָרדוי'ן וואָס איז אַ מומחה אויף „באָמבעס" אונטערצולעגען, ער זאָל אַרויס־געהן מיט זיינע באָמבעס אָקעגען דעם „גלית" פֿון די פּלשתים, און הערצל זאָל איהם אויך העלפֿען אונטערטראָגען... וואָס־זשע טהוט ער? גאָר אַ קלייניגקייט: פֿון פֿאַרענט צום נייעם ביכעלע זיינס האָט ער אויפֿגעהאָנגען קמיעות, בריעף צו איהם אויף אַלעריליי לשונות פֿון גדולי הדור, וואָס זאָגען איהם שבחים אויף וואָס די וועלט שטעהט. פֿון אָנהויב געהט אַ אָפֿענער בריעף אויף לשון קודש צו אונזערע ברידער „בכל תפוצות ישראל" פֿון „הרב הגאון המפורסם אזרח נכבד לדורותיו" יוסף ישראל האַלפּערין דומ"ץ באַדעסאַ, וואָס זאָגט עדות אויף אונזער ראובן בן אברהם אַז ער איז אַ מושלם און אַ כשר'ער יוד, לכן איז אַ גרויסער יושר איהם מקרב צו זיין וואו ער וועט זיך קעהרען און ווענדען. צו בעקומען פֿונ'ם געוויסען „אָדעסער גאון" ר' יוסף ישראל האַלפּערין אַזאַ „מכתב גלוי" דאַרף אָנקומען, ווי מע ווייסט, זעהר און זעהר שווער ולאו כל אדם זוכה... ווייטער געהט אַ רוסישער בריעף פֿונ'ם קעשינעווער ראַבינער קאַטלאַווקער (מיט אַ נייטהיגע אַנמערקונג אַז דער „געעהרטער ראַבינער א. קאַטלאַווקער איז געוועזען געשיקט פֿון בעסאַראַבער גוב. אַלס דעפּוטאַט אויף קאָריי־נאַציע פֿון אונזער יעצטיגען געעהרטען קייזער יר"ה), וואָס זאָגט דעם מחבר אַ גרויסען יישר־כח פֿאַר זיין מלחמה מיט די ציוניסטען. אַ מציאה אויף די קעשינעווער ציוניסטען, האָבען זיי נישט געזאָלט אַרויסשטעלען אָקעגען קאַטלאַווקער'ען זייערען אַ קאַנדידאַט; איצט ליידען איבער זיי אַלע ציוניסטען פֿון דער גאַנצער וועלט...

נאָך די צוויי רבנים איז אַרויסגעטראָטען ה' ליניעצקי מיט גאַנצע צוויי בריעף. אין דעם ערשטען בריעף זאָגט ה' ליניעצקי אמת, אַז דאָס ערשטע „ווערקכען" פֿונ'ם פּערפֿאָסער איז אין בעציהונג אויף „דיכטקונסט" ניט זעהר געלונגען, נאָר „אַך רעדעלע טאַ רעדעלע, אַבי דאָברע מיינעלע". דערפֿאַר אין דעם צווייטען בריעף רעדט ער שוין ווי אַ הייסליעבענדער און מיטליידענדער פֿאָטער צו זיין „טהייער קינד", און רעדט כמעט אין גאַנצען נור פֿון זיך אַליין, און מע קען ניט זאָגען אַז מיט גרויס ענוות: „אַז די וויסטע רעאַקציאָן האָט מיר שוין גאָר איבער געשלאָגען מיין וועג... האָט זי דען געקענט מיין מוזא פֿערטיישען... בין איך ניט קיין וויזיטען־דאָקטאָר אָבער איין אַקאַדעמיק געוויס... וואָס זאָל נעביך טהון דער סאָלאָוויי אַז דעם עזעל געפֿעלט בעסער דעם האָן'ס קוקע־ריקע פֿון זיינע טרעלען... ביי אַזאַ נאַריש־באַרבאַריש־ליטעראַריש געזונדעל ווי יעצט, איז איין מיטעל נאָר שווייגען!.. אָט האָב איך ניט לאַנג געפּריוועט העראויסטרעטען אָפֿפֿענטליך... איך מיין די „פֿערשטויסענע לידע", וועלכע איך מעג זאָגען אַז דאָס האָט מיר די אַלטע יודישע מוזא כמעט ווי אַ רוח נבואה געבראַכט דירעקט פֿון גאָט'ס מויל אַליין"...

צום לעצטען געהט דער „בעוואוסטער עברעאישער פּובליציסט" ה' וועקסלער (איש נעמי) מיט זיין „דאַנק־בריעף" צו דעם „פֿיעל פֿערשפּרעכענדען יונגען אַווטאָר.

ער שרייבט, אַז דאָס ביכעל פֿון אונזער מחבר האָט ער איבערנעלייענט פֿאַר זיין געלעהרטען זאָהנע אונד פֿרויא און אַלע האָבען ״גראָסעס פֿערגניגען געהאַבט״. איש נעמי ענדינט די בריעף: ״מיין פֿרויא איז ענטציקט: איהר מיינונג בעדאַרף זיי שמייכלען, דען זי שטעלט מיט זיך פֿאַר דען געזונדען פֿערשטאַנד דעס פֿאָלקעס.״

איצט וועט שוין דאָס ״נאַריש־באַרבאַריש־ליטעראַריש געזונדעל״ ציטערען ווי אַ פֿיש אין וואַסער און מוזען שטומען, האַלטען מויל... אַקליינינקייט אַזעלכע פֿיער בערען: צוויי רבנים, איינער אַ גאון און איינער אַ דעפּוטאַט, און צוויי שרייבער, איינער אַ ״אַקאַדעמיק״ און איינער אַ פֿאָטער פֿון אַ געלעהרטען זאָהנע, בִּפְרַט נאָך אַז נָעֳמִי אַליין, איך מיין איש נעמי׳ס פֿרויא איז ענטציקט, תּרבות, דֶּרֶךְ־אֶרֶץ!..

ב. ג.

# דָאקְטָאר א. ל. פִּינְסְקֶער

(בּיאָגראַפּיע).

---

דען 11-טען דעצעמבער האָבען די חוֹבבי־ציון געהאַט אַ גרויס יאָהר־צייט: עס זענען אַריבער צעהן יאָהר זייט "דאָקטאָר פּינסקער" איז געשטאָרבען. אין איינינע שולען האָט מען געמאַכט אַ "אֵל מָלֵא רַחֲמים" און דערמאָנט איהם צו גוטען. אין אָדעס האָט דער קאָמיטעט פון די ציונס־פריינד געמאַכט אַ גאַנצע פּאַראַדע אין קאָהר־שול: גע־טרויערט, גע'דרשה'נט, געשילדערט דעם געשטאָרבענעמס מעלות, זיינע אידעען און מעשים, זיין ליעבע צום פאָלק, און צו ציון.

ווען אונזערע ברידער זאָלען געניי וויסען דעם ווערטה פון ד"ר פּינסקער, וואָלט זיין יאָהר־צייט געווען אַ טרויערטאָג פאַר אַלע יודען און דער נאָמען "פּינסקער" וואָלט געקלונגען אין אַלע שולען. ליידער אָבער איז אין אונזער ליטעראַטור, בע־זאָנדערס אין דער פאָלקסליטעראַטור, וועניג געשריבען געוואָרען וועגען דעם וואונ־דערליכען מענשען, וועגען וועלכען מיר קענען זאָגען, אַז ער איז געווען דער ערשטער בע־שעפער, דער פאָטער, פון דער גרויסער בעוועגונג וואָס הערשט איצטער צווישען יודען...

דער ציוניזם, — די אידעע אַז יודען בעדאַרפען זיך פעראייניגען און זייערע איי־גענע כחות אַנווענדען אַז זיי זאָלען קענען לעבען אַ זעלבסשטענדיג לעבען — געהערט אייגענטליך צו פּינסקער'ן. ווען מיר לעזען פּינסקערס ווערק "אויטאָעמאַנצי־פּאַציאָן" (זעלבסטבעפרייאונג) און הערצלס ווערק "יודענשטאַאט" זעהען מיר, אַז זייער אידעע איז אין גרונט כמעט די איינענע. דער שורש איז בייביידען דערזעלבער: יודען בעדאַרפען ניט האָפען אויף פרעמדע חסדים, זיך ניט פערלאָזען אויף דער ציוויליזאַציע און אויף גלייכע רעכטע וואָס די פעלקער וועלען זיי געבען, נאָר זיי מוזען אָנשטרענגען אַלע קרעפטען צו ווערען אַ זעלבסשטענדיג פאָלק, האָבען אַ אייגען שטיקיל לאַנד. נאָר ווייל פּינסקער איז ניט געווען קיין פּאָליטיקער, האָט ניט געהאַט אַזוי פיעל בעקאַנטשאַפטען און אויך — דאָס איז אמת — ניט גענוג ענערגיע, (ווייל ער איז שוין צו אַלט געוועזען), איז ער נאָכדעם אַוועק אין אַ אַנדער דרך ווי הערצל: געוואָרען אַ חובב ציון, אָדער אַ פּראַקטישער ציוניסט...

ד"ר אריה ליב (לעאָן) פינסקער איז געבוירען געוואָרען דען 24־טען דעצעמבער 1821 אין טאָמאשאָוו (פוילען). זיין פאָטער איז געוועזן דער בעקאַנטער יודישער געלעהרטער ר' שמחה פינסקער, פערפאַסער פון דעם וויכטיגען ווערק „לקוטי־קדמוניות“ (זאַמלונג פון ליטעראַרישע אַלטערטימליכקייטען). ווען לעאָן איז נאָך געוועזן אַ קינד, איז ער געקומען צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אין אָדעסאַ און דאָרט געלערענט אין שטערן'ס מוסטער־שולע, וואו זיין פאָטער איז געוועזן לעהרער. אונטער די אויפזיכט פון זיין געלעהרטען טאַטען האָט דער זוהן ערוואָרבען פיעל יודישע קענטניס. נאָכדעם איז ער אריין אין גימנאַזיום און פון דאָרט אין „רישעליע־ליצעאום“ און געענדיגט יוריסט. אַ קורצע צייט נאָכדעם איז פינסקער געוועזן לעהרער דער רוסישען שפּראַכע אין דער יודישער שולע אין קישיניעוו. באַלד אָבער האָט ער איינגעזעהן, אַז דאָס איז פאַר איהם קיין תכלית ניט, און אין יאָהר 1843 איז ער שוין אין מאָסקווער אוניווערזיטעט און לערנט מעדיצין.

קומענדיג אין יאָהר 1848 צוריק אין אָדעסאַ אַלס געענדיגטער „דאָקטאָר“, האָט ער אָנגעהויבען פּראַקטיצירען און באַלד געוואָרען איינער פון די בעליבטסטע דאָקטאָרען, ניט אַזוי דורך זיינע ספּעציעלע קענטניס ווי דורך זיין גוט האַרץ און איידעלען כאַראַקטער. ער האָט זיך ניט איינגעשלאָסען, ווי דאָס רוב פון זיינע קאָלעגען, אין דעם איינענעם פאַך פון מעדיצין; ער האָט זיך אָנגעהויבען בעשעפטיגען מיט אַלגעמיינע שטאָדט־זאַכען, געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע טהוער אין פערשידענע וואָלטהעטיגע חברות, ווי אויך אויפזעהער אויף דער „תלמוד תורה“, וועלכע האָט דורך זיין מיה און שטיצע אויפגעבליהט.

זיין איידלער כאַראַקטער, זיין אָפּפערן זיך פאַר'ן צווייטען, זעהען מיר אין יאָהר 1856 אין קרימער קריג. פינסקער וואַרפט דאַמאָלס אוועק זיין פּראַקטיקע, די פערדינסטען מיט זיין רייך רוהיג לעבען, און לויפט אין דער מלחמה, צו העלפען די קראַנקע, פערוואונדעטע זעלנער. נאָך דער מלחמה איז ער צוריק געקומען אַהיים צו זיין פריהערינען לעבען — אַרבייטען פאַר זיינע ברידער, היילען זייערע קערפּער און אויך זייער גייסט.

די רפואה פון גייסט האָבען אונזערע געבילדעטע געזעהן דאַמאָלס נור אין דער אויפקלערונג, אין בילדונג. זיי האָבען דאַמאָלס אַלע פעסט געגלויבט, אַז, ווען יודען וואַרפען אוועק זייער בעזונדער שטיינער לעבען, אָדער, ווי עס האָט דאַמאָלס געהייסען: דעם פינסטערען פאַנאַטיזם, און נעהמען זיך צו בילדונג, ווערען זיי באַלד געהאָלפען, מען וועט זיי אויפהערען יאָגען און פעראַכטען, מען וועט זיי געבען אַלע רעכטע און פרייהייט. פינסקער איז אויך געוועזן איינער פון די וואָס האָט געגלויבט אין דעם אַלעמען, און פון יאָהר 1860, ווען אין אָדעסאַ האָבען אָנגעהויבען ערשיינען יודישע צייטונגען אין רוסישער שפּראַכע, איז פינסקער געוואָרען איינער פון זייערע בעסטע מיטאַרבייטער און איינער פון די פייערינגסטע חסידים פון בילדונג. „בילדעט אייך ברידערליך — האָט ער גערופען צו די רוסישע יודען — געהט אַרויס פון דער פינסטערניש, עפענט די אויגען זעהן די ליכט, דאַן וועלען אויפהערען אייערע צרות,

אייער דערשלאָגענקייט, מען וועט אייך האַלטען פאַר מענשען און בעהאַנדלען ווי לייטען גלייך...

די אייראָפּעאישע קולטור איז אין יענער צייט געוועזען דער אָבגאָט פון אַלע יודישע משכילים, פאַר איהם האָבען זיי געטאַנצט, געקניהט; אין איהם האָבען זיי געזעהן די איינציגע רפואה צו אַלע אונזערע צרות און קראַנקהייט. אַסימילאַציע, פערמישונג, גייסטיגע פערבינדונג מיט אייראָפּעאיש לעבען — די ווערטער זיינע געלעגען ביי אַלע אונזערע משכילים אויפ׳ן צונג, און דאָקטאָר פינסקער האָט אויך פעסט געגלויבט אַז נור די ציוויליזאַציע קען אויפלייזען די אַלטע „יודישע פראַגע"...

צו זיין גרויס בעדויערען האָט ער אָבער באַלד איינגעזעהן ווי פערנאַרט ער איז, ווי פאַלש איז זיין האָפנונג. אין מערב אייראָפּאַ, וואו אונזערע ברידער האָבען גאָר ניט בעדאַרפט וואַרטען אויף די עצות פון אונזערע אַסימילאַטאָרען און בילדונגס־פריינדע; וואו זיי האָבען זיך שוין לאַנג אויסגעבילדעט, אויסגעגלייכט אין גייסטיגען ווי אויך אין אויסענוועניגסטען לעבען מיט אַלע אַנדערע נאַציאָנען, האָט פלוצלינג אויסגעבראָכען דער נייער „אַנטיסעמיטיזמוס" — די אַלטע שנאה צו יודען. דאָס הויכ־געבילדעטע דייטשלאַנד האָט געמאַכט דעם אַנפאַנג און פון איהר איז דער אַנטיסעמיטיזם אַריבער אין אַנדערע לענדער ביז ער איז אויך געקומען צו אונז. —

ווי פון אַ זיסען חלום האָט זיך פינסקער אויפגעכאַפּט, געעפענט די אויגען און געזעהן פאַר זיך די ווירקליכקייט: זי איז שרעקליך פינסטער, אונערבאַרעמדיג... און אין פינסקערס אידעען, אין זיינע האָפנונגען ווערט פלוצלינג אַ איבערקערעניש. ער צוברעכט זיין פריהערינגען אָבגאָט, צושטערט אַלע לופטשלעסער פון פריהער און לאָזט אַרויס אויף דער וועלט זיין בעריהמטעס ווערק „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן" (זעלבסט־בעפרייאונג).

אין דעם ווערק שילדערט ער ערשטענס מיט בלוט און טרעהרען די שרעקליכע לאַגע פון יודישען פאָלק. „די יודען און די שנאה צו יודען געהען האַנד־ביי־האַנד דורך דער היסטאָריע און, עס שיינט, אַז גלייך ווי זיי אַליין אַזוי אויך די שנאה צו זיי וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען. מען בעדאַרף זיין בלינד אום ניט זעהען, אַז די יודען זענען אַ „אתה בחרתנו" פאָלק צו ווערען פעריאָגט ביי אַלעמען. די פעלקער מעגען זיין פערשידען איינער פון אַנדערען אין זייערע שטרעבונגען און אינסטינקטען, אָבער אין דער פיינדשאַפט צום יודען זענען זיי פעראייניגט; אין דעם פרט האָבען זיי אַלע איין דעה, איין מיינונג..."

די אורזאַכע פון דער שנאה איז, ווייל יודען האָבען ניט קיין אייגען היים, זיי זענען אומעטום פרעמד. איבעראַל רעכענט מען איהם ווי אַ שטיף־קינד, און אפילו דאָרט וואו ער האָט שוין אַלע רעכטע, קוקט מען אויף איהם דאָך ווי אויף אַ איינגעבעטענעם גאַסט.

„די לעבעדיגע רעכנען דעם יודען פאַר אַ טוידטען, די איינגעבאָרענע איינוואָהנער — פאַר אַ פרעמדען, אַ נע־ונד׳ניק, די רייכע — פאַר אַ אָרימען, די אָרימע פאַר אַ רייכען, אַ עקספּלאָאַטאַטאָר, אַ מיליאָנער; די פּאַטריאָטען — פאַר אַ

בעשעפעניש וואס האט ניט קיין פאטערלאנד, און אלע קלאסען רעכענען איהם פאר א פערהאסטען קאנקורענט".

און יודען זענען שוין אזוי דערשלאגען, אז זיי האבען פערלארען די זעלבסט־ערקענונג, דעם געפיהל פון אייגענעם כבוד:

„ווען מען ערנידריגט אונז, רויבט, פערוויסט און בעליידיגט — האבען מיר ניט די דרייסטקייט צו שיצען זיך, און, וואס נאך ערגער איז, מיר געפינען אז אזוי בעדארף צו זיין. מען שלאגט אונז אין געזיכט, קיהלען מיר מיט קאלט וואסער די ברענענדיגע באק; מען מאכט אונז בלוטיגע וואונדען — האבען מיר א באנדאזש; מען ווארפט אונז ארויס פון הויז וועלכעס מיר אליין האבען אויפגעבויעט, בעטען מיר רחמנות, און אויב מיר קענען ניט ווייך מאכען די הערצער פון אונזערע שונאים, גאהען מיר אוועק און זוכען אנ'אנדער ארט. הערען מיר אויפ'ן וועג ווי א ליידינגעהער זאגט: „א ארימע יודען, איהר זייט ווערט מיטלייד" ווערען מיר טיף גערי‌הרט. זאגט מען וועגען עפּיס א יודען אז ער ברענגט כבוד זיין פאלק, איז דאס פאלק גענוג נאריש צו שטאלצירען מיט דעם. מיר זענען אזוי טיף געפאלען, או מיר געהען שיער אויס פאר פרייד ווען, למשל, אין מערב אייראפא שטעלט מען א טהייל פון אונזער פאלק גלייך מיט ניט־יודען. לאזט מען אונז רוהיג לעבען, זענען מיר גרייט איינרעדען זיך און אנדערע אז מיר זענען גאר קיין יודען ניט, נאר ריינבלוטיגע קינדער פון לאנד. דאס איז אבער נור זעלבסט־אבנארונג. איהר מענט זיין טרייע פאטריאטען, וועט מען דאך אייך ביי יעדער געלעגענהייט דערמאנען אז איהר זייט סעמיטען, א פרעמדע ראסע און אין א שענעם פריהמארגען וועט מען אייך הייסען מוחל זיין געהן ערגיין אנדערש, און דער פעבעל וועט אייך ווייזען בעשיינפערליך אז איהר זייט באמת ניט מעהר ווי שלעפערס און פאראזיטען אויף וועלכע די געזעצען בעשיצען ניט..."

און פינסקער שילדערט ווייטער די פינסטערע לאגע אונזערע אין אלע לענדער, צוגלידערט די „יודישע פראגע", און קומט צו דער איבערצייגונג אז נור אין אונזער אלגעמיינער נאציאנאלער פעראייניגונג קענען מיר געפינען די ישועה. מיר מוזען זיך פעראייניגען און אלע אונזערע קרעפטען אנווענדען צו האבען א א י י ג ע ן שטיקיל לאנד וואו מיר זאלען פיהרען א זעלבשטענדיג לעבען.

פינסקער גיט אויף א גאנצען פלאן, ווי אזוי מען זאל דאס קענען אויספיהרען. זיין פלאן איז אין פיעל נקודות גלייך צו דאקטאר הערצעלס פלאן פון דער „יודישער מלוכה".

„ניט דאס ה י י ל י ג ע לאנד נאר צו א א י י ג ע ן לאנד בעדארפען מיר שטרעבען— זאגט פינסקער. מיר בעדארפען ניט מעהר נור א פאס לאנד פאר אונזערע ארימע ברידער, א פאס וואס זאל זיין אונזער אייגענס און קיין פרעמדער הערשער זאל אונז ניט קענען פון דארט ארויסטרייבען. אהין וועלען מיר ברענגען אונזער „קדשי קדשים": די אידעע וועגען גאט און די היילינגע שריפט (דעם תנ"ך), ווייל נור זיי האבען געמאכט אונזער געבורטסלאנד פאר הייליג, ניט דער ירדן און ניט ירושלים".

אויך הערצל האט אין זיין ערשטען ווערק „יודענשטאאט" ארויסגעזאגט די זעלבע מיינונג און ווי הערצל אזוי האט אויך פינסקער באלד חרטה געהאט, איינ־

געזעהען אַז נור פּאַלעסטינא, נור ארץ ישראל איז דאָס איינציגע אַרט, צו וועלכען יודען בעדאַרפֿען שטרעבען.

ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען די געזעלשאַפֿט צו שטיצען יודישע ערד־אַרבייטער און בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת אין פּאַלעסטינא, איז דאָקטאָר פּינסקער מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען געוואָרען דער געזעלשאַפֿט. ער איז געוואָרען דער ראש פֿון אָדעסער קאָמיטעט, ער האָט זי געפֿיהרט, געאָפּפֿערט זיין צייט און אויך זיין געלד פֿאַר דער חֶבְרָה. ביז זיין לעצטער מינוט האָט די ליבע צו ציון געברענט ווי אַ הייליגעס פֿייער אין זיין האַרצען, אַלע זיינע געדאַנקען און געפֿיהלען זענען געווען איבערגעגעבען דער הייליגער אידעע: צו אויפֿלעבען דאָס יודישע פֿאָלק אין הייליגען לאַנד.

אַ שטיקיל טרייסט האָט ער געפֿונען אין די יודישע קאָלאָניעס, וואָס האָבען זיך געגרינדעט אין ארץ ישראל. ווי גרויס אָבער וואָלט געווען זיין פֿרייד ווען ער לעבט יעצט און זעהט ווי זיין אידעאַל ווערט פֿערווירקליכט: די אידעע פֿון יודישער אויפֿלעבונג, פֿון זעלבסט בעפֿרייאונג, האָט אַרומגענומען אַלע יודען אין דער גאַנצער וועלט. דער ציוניזם הערשט און וואַקסט, אַ יודישער קאָנגרעס (וועלכען פּינסקער פֿאָדערט אין זיין אויטאָעמאַנציפּאַציאָן) פֿערזאַמעלט זיך שוין דאָס פֿינפֿטע יאָהר, אַ קאָלאָניאַל־באַנק איז געעפֿענט און — דאָס וויכטיגסטע — יודען הויבען אָן ביסליכ־ווייז אָוועקוואַרפֿען די ציניינעריי, די איינענע ערנידערונג, זיי הויבען אָן ערקענען דעם אייגענעם ווערטה און בעקומען עהר־געפֿיהל.

דאָקטאָר פּינסקער איז געשטאָרבען (דען 11 דעצעמבער 1891) אָהן קינדער, אָבער זיין ווערק „אויטאָעמאַנציפּאַציע“, זיינע מַעֲשִׂים פֿאַר דער פּאַלעסטינישער חברה, די קאָלאָניעס אין ארץ ישראל וועלען זיין אַ אייביגער אָנדענקען פֿון זיין נאָמען.

וואָס מעהר דער ציוניזם וועט זיך פֿערגרעסערן און שטאַרקען, מעהר בעריהמט וועט דאָקטאָר פּינסקער ווערען, וויל ער איז געווען דער ערשטער בעשאַפֿער פֿון דער הייליגער אידעע. ער האָט פֿערזייעט דאָס ערשטע קערנדיל, וועלכעס איז יעצט אויפֿ־געגאַנגען און וואַקסט.

י. ה. זאַגאַראָדסקי.

# נייע ערפינדונגען.

לופט־שיפען.—סאמאהאדעס (אויטאמאבילען).—פאבריקען פון קראפט.—טעלעגראפען אהן דראט.—

ל ו פ ט ־ ש י פ ע ן. צווישען די וויכטיגסטע ערפינדונגען פון די לעצטע יאהרען, וואס געלערענטע מענשען האבען ערפונדען, צו פערבעסערן אוי צו פערלייכטערן דאס לעבען און די בעדערפנישען, רעכנען מיר דאס וויכטיגסטע די לופט־שיפען, דאס הייסט די באלאנען מיט די מאשינע זיי צו קערעווען געגען דעם ווינד. און אבוואהל די ערפינדונג איז נאך ניט געגצליך פאלקאמען, זי איז נאך ניט אזוי ווייט געגאנגען, אז מיר זאלען קענען פאהרען אויף דער לופט אזוי ווי מען פאהרט מיט שיפען אויף דעם וואסער, פון דעסטוועגען האלט עס שוין דערביי אז מיר קענען האפען אין קורצען צו זעהען לופט־שיפען אזוי ווי מיר זעהען איצט אייזענבאהנען און דאמפף־שיפען. און יעדענפאלס קענען מיר דארויף רעכנען אין היינטיגען יאהרהונדערט.

מערקווירדיג, דאס גרעסטע טהייל פון די ערפינדונגען קומען דורך א געוועהנליכען צופאל אין דעם מענשליכען לעבען אהן בעזונדערען צוועק, נאר דיזע ערפינדונג איז געקומען דורך פלייסיגע ארבייט אין דער זאך וואס מענשען ארבייטען אין דעם שוין מעהר פון הונדערט און צוואנציג יאהר. זייט מען האט ערפונדען די לופט־באלאנען האט מען אנגע־הויבען צו ארבייטען ווענען א מאשין צו קערעווען די באלאנען, אז זיי זאלען ניט פליהען דארט אהין וואו דער ווינד בלאזט, נאר דארט אהין וואו מיר ווילען פאהרען. נאך אינ'ם יאהר 1783 האט מען געמאכט 5 פראבען מיט א מאשין צו קערעווען די באלאנען וועלכע דער פראנצויז בלאנשאר האט ערפונדען. די מאשין איז בעשטאנען אויס געוועהנליכע פלי־גיל עהנליך צו די פליגיל וואס מיר זעהען ביי ווינד־מיהלען, און זיי זענען אין דער בע־וועגונג געקומען דורך מענשליכע קראפט, דאס הייסט איינינע מענשען וואס זענען געזעסען אינ'ם שיפיל וועלכעס העננט ביי דעם לופט־באלאן האבען געדרעהט די מאשין מיט די פליגיל, אזוי ווי למשל מענשען ארבייטען מיט וויאסלעס צו קערעווען די שיף אויף דעם וואסער. די פראבען זענען נאטירליך ניט שטארק געראטען. פון דעסטוועגען איז דאס א מערקווירדיגע זאך, עס האט געדויערט קרוב אכציג יאהר ביז מען האט זיך איבערצייגט, אז עס איז א גרויסער טעות צו רעכענען אויף מענשליכער קראפט ביי דער בעוועגונג פון לופט־באלאנען. ערשט אינ'ם יאהר 1852 האט דער אינזשינער זשופאר געבויעט א מאַ־שין מיט א שרויבע (א שראף) און נאך אי'הם האט געמאכט דיפוי דע לאם אין פאריז א באלאן מיט א מאשין צו קערעווען. און עס האט איהם געלונגען ארויסצופאהרען פון

פאריז אין דער צייט ווען די דייטשען האבען די שטאדט בעלאגערט. אבער די יעניגע מאשינען האבען ניט געטווינט צום אלגעמיינעם נוצען. נאכדעם האט מען אנגעהויבען צו מאכען מאשינען וועלכע בעוועגען זיך מיט עלעקטרישער קראפט. דאס איז נעוועזען אין די אכצינסטע יאהרען פון'ם פערגאנגענעם יאהרהונדערט. און ווייט דעמאלס איז שטיל געווארען אין דער אַראָסטאטישער וועלט, מען האט קיין נייעם אויפגעטהון. ערשט אין די לעצטע יאהרען האט מען ווידער אנגעפאנגען אין דער זאך צו ארבייטען און מען האט געבויעט מאשינען, וועלכע בעוועגען זיך מיט דעם אויסבראך פון בענזין אדער נאפט, דאס הייסט מיט מאטארען וואס פערנעמען א קליינעם ארט און האבען שטארקע קראפט, אזוי ווי למשל די מאטארען וואס בעוועגען די זעלבסטבעוועגענדע וואגענס (סאמאהאדען). דער גראף צעפעלין האט אינ'ם יאהר 1900 געבויעט א באלאן אויס אלומיניום (א לייכטען מעטאל) און אינוועניג האט ער אריינגעזעצט פיעל קליינע באלאנען אנגעפילט מיט גאז, וואס זיי האבען געטראגען די שיף אין דער לופט, און אויף דעם באלאן האט ער אנגעהאנגען א מאשין מיט א מאטאר וועלכער האט בעוואגען די שיף מיט א קראפט פון 40 פערד. די פראבע איז געמאכט געווארען אין דער שווייץ אויף דעם ים, און אזוי ווי עס האט זיך געציינט איז די לופט־שיף ניט גוט.

די בעסטע לופט־שיף, פון וועלכער עס איז צו האפען א נוצען פיר אלגעמיינעם געברויך, איז די וואס איז געבויעט אין פערגאנגענעם יאהר אין פאריז דורך איין רייכען יונגען מאן אויס בראזיליען, סאנטאס דימאן. דער יונגער מאן האט געמאכט הוצאות ביז א האלבען מיליאן פראנק און עס האט איהם געלונגען צו מאכען א מאשין צו קערעווען דעם באלאן. און ווי ווייט זיין מאשין איז בעסער פון די אלע וואס זענען געמאכט געווארען ביז אהער זעהט מען דערפון, אז ער מאהנט איצט די בעלאהנונג פון הונדערט טויזענד פראנק וואס איין רייכער מאן אין פאריז, הענרי דייטש, האט בעשטימט אין דער צייט פון דער וועלטליכער אויסשטעלונג צו געבען דעמיעניגען וואס וועט מאכען א מאשין צו קערעווען באלאנען.

לויט די בעדינגונגען מוז די מאשין בעווייזען איהר גיכקייט דעמאלס ווען די לופט בעוועגט זיך 5—7 מעטער אין א סעקונדע. די לופט־שיף מוז מאכען א רייזע פונ'ם אעראסטאטישען פארק אין פאריז ביז צו דעם אייפעלטורם און צוריקקומען אין פארק אין פערלויף פון 30 מינוט.

סאנטאס דימאן האט 25 פראבען געמאכט פריהער איידער ער האט פערעפענטליכט זיין פערלאנג צו בעקומען די בעלאהנונג (וועלכע ער וויל צעטהיילען פיר ארימע לייט, ווייל ער איז נענוג רייך און איהם געהט עס נור אין כבוד). דעם 19 אקטאבער פונ'ם יאהר 1901 האט ער די 26-סטע פראבע געמאכט אין געגענווארט פון א גרויס פובליקום. די לופט איז דעמאלס געוועזען אין בעוועגונג פון 6—7 מעטער אין א סעקונדע. די לופט־שיף איז ארויסגעפלויגען פונ'ם פארק גראדע 2 אוהר און איז געפלויגען 300 מעטער אין דער הויך, האט ארומגערינגעלט דעם אייפעלטורם און איז צוריקגעקומען אין פארק גראדע צו 30 מינוט, נאר איידער די שיף האט זיך אראבגעלאזט אויף דער ערד האט געדויערט נאך $10^1/_2$ מינוט. און דעריבער געפינען זיך געגנער וואס ווילען ניט צו־פסק'נען די בעלאהנונג; זיי זאגען אז ער האט ניט פינקטליך ערפילט די בעדינגונגען.

עס איז ניט וויכטיג אויב ער וועט בעקומען די נאגראדע אָדער ניט; דאָס מאָל איז גענוג צו וויסען, אז די מאשין צו קערעווען די לופט־שיפען האלט שוין אַזוי ווייט, אז מען מאַהנט שוין א נאגראדע, און ממילא פערשטעהט מען אז עס איז נאָהנט דערצו אז מיר זאָלען קענען פאָהרען אויף דער לופט מיט שיפען אזוי ווי מען פאָהרט איצט מיט שיפען אויף דעם ים.

סאמאָהאָדעס (זעלבסט בעוועגענדע וואָגענס). וועהרענד פון איין זייט זוכט מען מיטלען צו האָבען די מעגליכקייט צו שיפען זיך אויף דער לופט, זוכט מען אויך דאָ אויף דער ערד פערשיעדענע פלענער און מיטלען אָהן צו זיין אָבהענגיג פון פערד. עס פערשטעהט זיך אז דאָ נעהט וועגען רייזע פון איינצעלנע מענשען, עס געהט וועגען דעם אז יעדער מענש זאָל קענען רייזען אויף איינענעם וואָגען וואו אהין ער וויל און זאָל ניט ברויכען צו האלטען קיין פערד וואָס פערלאַנגט גרויסע הוצאות: צו קארמיען די פערד אפילו ווען זיי ארבייטען ניט.

אין דער לעצטער צייט זעהען מיר שוין אין די גרעסערע שטעדט וואָגענס אָהן פערד; מען רופט זיי „סאמאָהאָדעס“, זיי זעהען אויס ווי געוועהנליכע וואָגענס אדער קאַרעטען נאָר אנשטאט פערד איז אינ׳ם וואָגען דאָ א מאָטאָר (א מין מאַשינדעל) פון בענזין אָדער פון עלעקטרישער קראַפט און דאָס בעוועגט דעם וואָגען מיט פערשיעדענער שנעלקייט. אַזוי אַז מען ברויכט נור די הוצאה צו מאכען בשעת מען פאָהרט, דעמאָלס ווערט די קראַפט בענוצט, און דערנאָך ווען מען פאָהרט ניט מיט דעם וואָגען שטעהט ער אין הויף און פערלאַנגט קיינע אויסגאבען.

אין פיעל הינזיכטען זענען די עלעקטרישע סאמאָהאָדעס בעסער פון די בענזינע־נע, זיי זענען ווינאדגע און האָבען וועניגער געפאהר. נאָר איבער איין זאך האָט מען געפונען אין זיי א פעהלער: די קראַפט מיט וועלכע מען מוז זיי פערזעהען, דאָס הייסט דער זאַפאס פון די עלעקטרישע קראַפט וועלכען מען קען מיטנעמען אויף די רייזע מיט אַזא סאמאָהאָד קען ניט גענוג זיין אויף א ווייטע רייזע, וועהרענד בענזין קריגט מען אומעטום שטענדיג גענוג. מען האָט ביז אהער גערעכענט אז די עלעקטרישע קראַפט וועלכע מען קען מיטנעמען מיט דעם סאמאהאד קען ניט מעהר דינען נור אויף 50 קילאָמעטער. איצט אָבער האָט מען ערפונדען אזעלכע עלעקטרישע סאמאהאָדען וועלכע קענען נעמען א זאפאס פון קראַפט מיט וועלכע דער וואָגען קען געהן 140 קילאָמעטער און מען האָפט נאָך צו פערגרעסערן דעם זאפאס, אַזוי אז דער וואָגען זאָל קענען פאָהרען א שטרעקע פון 200 ק״מ. און אין טשיקאגא האָט מען שוין געמאַכט א סאמאהאד וואָס קען געהען 300 ק״מ און די שנעלקייט טרעפט אָן 17½ ק״מ אין א שטונדע.

פאַבריקען פון קראַפט. פון דעם וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די סאַמאָהאָדעס קענט איהר זעהען, אַז עס איז מעגליך די עלעקטרישע קראַפט מיטצונעמען אַלס זאפאס אין א וואָגען. איצט וועלען מיר רעדען וועגען פאַבריקען וועלכע ארבייטען אויס די קראַפט און שיקען זי איבער אין ווייטע ערטער זי זאָל דאָרט טהוען די אַרבייט צו וועלכע זי איז נוצליך.

איהר ווייסט דאָך, אז יעדע מאשין מוז צו איהרער בעוועגונג האָבען קראַפֿט, טהייל מאשינען בעוועגען זיך דורך מענשען־קראַפֿט, דאס הייסט אז געוועהנליכע ארבייטער דרעהען דאָס ראָד, טהייל בענוצען זיך מיט פֿערד־קראַפֿט. אנדערע מיט דאַמפֿף און טהייל מאשינען בענוצען זיך מיט עלעקטערישע קראַפֿט נאָר די עלעקטרישע קראַפֿט זעלבסט מוז ווידער האָבען מאשינען וועלכע ארבייטען זי אויס. און אזעלכע גרויסע פֿאַבריקען האָט מען איצט געבויעט אין קאליפֿאָרניא, וואָס וייער אויפֿגאַבע איז ניט מעהר ווי אויסצוארבייטען עלעקטערישע קראַפֿט און זי איבערצושיקען אין ווייטע ערטער אין פֿערשיעדענע פֿאַבריקען אריין אין די שטעדט און אין די גאָלדגראָבענס. ווי גרויס די פֿאבריקען זענען קענט איהר אייך משער זיין דערפֿון, אז איינע אזעלכע פֿאבריק ארבייט אויס קראַפֿט פֿון זעכצען טויזענד פֿערד, דאָס הייסט די עלעקטערישע קראַפֿט וועלכע ווערט פֿון דאָרט צושיקט טרעפֿט אַן אזוי פֿיעל וויפֿיעל די קראַפֿט פֿון 16000 פֿערד; איין אנדערע פֿאבריק ארבייט אויס קראַפֿט פֿון 21000 פֿערד און מיט דער צייט וועט די צאָהל נאָך גרעסער ווערען.

---

טעלעגראַפֿען אָהן דראַט. עס איז ווענינ געווען דעם מענשען טעלעגראַפֿען, טעלעפֿאָנען דורך וועלכע ער קען איבערשיקען זיינע געדאַנקען אין איינער סעקונדע פֿון עק וועלט ביז צום אנדערען עק, איהם געפֿעלט ניט אז מען ברויך צו דעם זיך בענוצען מיט אייזערנע דראָטען, מען מוז שטעלען סטאלבעס פֿאַר די דראָטען אָדער לעגען אַ דיקען דראָטענעם שטריק אינ׳ם ים. ער האָט געזוכט אַ מיטעל ווי אזוי דיזעלבע בעקוועמליכקייטען צו האָבען אָהן סטאלבעס מיט דראָט. און די ארבייט איז געראָטען: מען האָט ערפֿונדען אַ מיטעל ווי אזוי איבערצושיקען די עלעקטריציטעט פֿון איין אָרט אויף דעם אנדערען בלויז דורך דער לופֿט אָהן אנדערע פֿערבינדונג.

פֿערשידענע מיטלען זענען פֿאַר דעם נייען טעלעגראַף געמאַכט געוואָרען. די נייעסטע איז פֿונ׳ם פּראָפֿעסאָר סלאבי אויס שארלאָטענבורג. די ערפֿינדונג בעשטעהט אין דעם, אז ווען מען בעוועגט איין ספּעציעלען אפּאראט געהט די עלעקטריצטעט איבער אין איינעם אנדערען עהנליכען אפּאראט וועלכער געפֿינט זיך אין א׳נ׳אנדער אָרט, און מאכט דאָרט דיזעלבע בעוועגונגען און דער דאָזיגער אפּאראט גיט ארויס די בעשטימטע צייכענס און סיגנאַלען, וועלכע דינען אלס דעפּעשע.

די מעלה פֿון אזא מין טעלעגראַף איז, אז אויסער דעם וואָס מען ברויך ניט קיין גרויסע אויסגאבען אויף די איינריכטונג פֿון סטאָלבעס מיט דראָטען, קען מען גלייכצייטיג טעלעגראַפֿירען אין פֿערשידענע ערטער, ווארום די עלעקטריציטעט געהט אין אלע זייטען; עס איז גענוג צו האָבען מעהרערע עהנליכע אפּאראטען און זיי צוטהיילען אויף פֿערשידענע ערטער.

די פּראָבען וואָס מען האָט ביז איצט געמאַכט מיט דער ערפֿינדונג האָבען געגעבען גוטע רעזולטאטען אויף ניט זעהר גרויסע שטרעקען. די פּראָבען פֿונ׳ם פּראָפֿעסאָר סלאבי זענען געמאַכט געוואָרען אויף אַ שטרעקע פֿון 14 קילאָמעטער.

מיכל וועבער.

# ראש חודש.

אַ גאנצער יום־טוב. איך גלויב. אַ נייע ערפינדונג. „שעמענדיגע יודען“. אָבגעטהון אַ שפּיציל; ווארימע פעלצען און ווארימע הערצער אויף דעם קאָנגרעס.--

ראש־חודש איז אַ האלבער יום־טוב, נאר דער היינט־גער ראש־חודש איז ביי מיר אַ גאנצער, אַ גרויסער אַ טייערער יום־טוב.

ביי מיר איז שטענדיג אַ יום־טוב ווען איך ציה זיך אריין אין אַ נייער וואָהנונג. אלע צימער זענען אויסגעמאָלט, אויסגעוויסט. דאָס מעביל פריש אויסגעפוצט, עס איז אַ מחיה, זאג איך אייך, אריינצוציהען זיך אין אַ נייע וואָהנונג. אלע מיינע פריינד ווינשען מיר אלעס גוטס אין דער נייער וואָהנונג און איך פיהל זיך אזוי גוט, יום־טוב׳דיג און לעבעדיג מיט די בעסטע האָפענונגען און פול גלויבען אויף שפּעטער אז אין דער נייער וואָהנונג וועט זיך לעבען בעסער, ריינער און שענער.

דאָסזעלבע פיהל איך אויך איצטער ווען איך ציה זיך אריין אין אַ נייעם זשורנאל -- איך הויב אָן שרייבען אין אַ נייעם יודישען זשורנאל וואו עס איז אלעס אזוי נייַ, יונג, ריין און שען אָהן שום אלטע פלעקען. איך פיהל, און מיר דאכט זיך אויס אַז פון אלע זייטען ווינשט מען דעם נייעם יונגען זשורנאל מיט זיינע איינוואָהנער אלעס גוטס מיט לאנגע יאָהר און איך פיהל זיך איצטער גוט, יום־טוב׳דיג און פרעהליך. וואו איך טהו נור אַ קוק איז ניי, ריין, שען, קיין איינציגער פלעק און איך גלויב און איך האָף אז פון איצטער אָן וועט שוין זיין ריין און שען ביי אונז אין אונזער לעבען.

איך גלויב און האָף אז יעדען חודש וועל איך קענען מיינע לעזער דערצעהלען נור פון שענע ריינע און גוטע זאכען אוים דעם יודישען לעבען.

איך גלויב אז מיר זענען אַ פאָלק גלייך מיט אלע, און אַז ביי אונז יודען געפינען זיך „מענשען“. מענשען ביי וועלכע די אינטערעסען און גליק פון יודישען פאָלק איז זיי טייערער פון אַלעס. מענשען, וועלכע זענען מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען זייער פאָלק און זיינע אידעאלען. מענשען, וועלכע זענען גרייט מיט אלעס מיטצוהעלפען, צו פערגרינגערען די שלעכטע לאגע פון זייערע ברידער, מענשען, וועלכע זארגען פאר אָרימע לייט וואָס האָבען ניט קיין ברויט, מענשען וועלכע זאָרגען פאַר אָרימע קינדער וואָס וואלגערען זיך אין די גאסען און וואַקסען אָהן שום ערציהונג.

איך גלויב אויך אַז יודען אינטערעסירען זיך מיט זייער ליטעראטור. ווי דארפען האָבען נוטצליכע ביכער, צייטונגען און זשורנאַלען -- אז זייער ליטעראטור זאל קענען וואָס ווייטער מעהר בליהען און וואַקסען.

איך גלויב און גלויב, איצטער נור אין גוטע שענע זאכען, ווי יעדער אין די מינוטען ווען מען פיהלט זיך יום־טוב׳דיג.

וואָס טהוט מען דעם ערשטען חודש פֿון ניי יאָהר? — מען נעהט קויפֿען אַ קאַ־לענדאַר; און איך בין אַ יום־טוב'דיגער אויך געגאַנגען ווי יעדעס יאָהר קויפֿען ראַסקינס אבריים־קאַלענדאַר. ה' ראַסקין איז דער ערפֿינדער פֿון די יודישע אבריים־קאַלענדאַרען און איך קויף איהם שוין זייט 10 יאָהר. פֿאַר וואָס ניט? אלע פֿעלקער האָבען אבריים־קאַ־לענדארען אויף זייער שפּראַך, פֿאַר וואָס זשע זאָלען מיר יודען אויך ניט האָבען אַזאַ קאַלענדאַר אויף אונזער לשון? נאר היינטיגס יאָהר האָט מען מיר דערלאַנגט אַ נ י י ע ערפֿינדונג פֿון ה' ראַסקין: איין אבריים־קאַלענדאַר פֿאַר „שעמענדיגע יודען“.

קיין ריכטיגערען נאָמען האָט מען צו דעם נייעם קאַלענדאַר ניט געקענט אויס־טראַכטען.

— עס איז דאָ אַזוינע יודען, וועלכע ווילען אויך וויסען די יודישע חדשים און ימים־טובים, נאר אַ קאַלענדאַר מיט יודישע אותיות פּאַסט זיי ניט אויפֿצוהייגען ביי זיך אין הויז, כדי די קריסטען וואָס קומען צו זיי אין הויז אָדער אין געשעפֿט זאָלען ניט דער־קענען אז זיי זענען יודען, דערום האָט ה' ראַסקין ערפֿונדען פֿאַר אַזוינע יודען אַזאַ יודישען קאַלענדאַר אין וועלכען עס זאָל זיך ניט געפֿינען קיין איין־איינציג יודיש אות, אַזוי אַז די „שעמענדיגע יודען“ וועלען קענען וויסען ווען עס פֿאַלט די יודישע חדשים און ימים־טובים און אפילו וועלכע סדרה עס געהט די וואָך און דאָך וועט קיינער ניט וויסען אַז זיי זע־נען יודען.

אָט האט איהר אַפֿאַר מוסטערען פֿון דער בעריהמטער ערפינדונג — יודישער אבריים־קאַלענדאַר; איך מיש אויף ראַס בלעטיל פֿון כ"ב ניסן אחרון של פּסח: 22. Нисонъ 8-ой день Пасху. Сов. заупокойную молитву Іизкойръ 7-и день Оимеръ *), נאָך איין בלעטיל פֿון כ"ח סיון: „Седро Коирахъ. 28 Сиванъ“ **)

און קיין איין און איינציג יודיש אות וועט איהר ניט געפֿינען אין דעם נייעם יודי־שען קאַלענדאַר.

צוריק מיט אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, ווען די יודישע אינטעלעגענץ האָט גע־זעהן דאָס גליק פֿון יודישען פֿאָלק נור אין דעם אז זיי זאָלען זיך פֿערמישען מיט אנדערע פֿעלקער און אַנטלויפֿען פֿון אלעס יודישעס, דאַן ווען די געבילדעטע יוגענד האָבען זיך געשעמט מיט זייערע עלטערען וואָס האָבען גערעדט און געקענט לעזען אַ יודיש וואָרט, אין יענער צייט האָט גורליאַנד וואָס איז דאַן געוועזען אינספּעקטאָר פֿון דער זיטאָמירער יודישע לעהרער־אינסטיטוט, הערויסגעגעבען אַ יודישען קאַלענדאַר אויף רוסיש פֿאַר דער יודישער אינטעליגענץ און פֿון דעסטוועגען האָט מען אפילו אין יענע קאַלענדאַרען אויך געפֿונען יודישע אותיות, אלע חדשים און ימים־טובים זענען געוועזען אָנגערופֿען מיט יודישע ווערטער. נאר איצטער ווען מיר זענען שוין אוועק אזוי ווייט צוריק צו א ו נ ז, צו אונזער פֿאָלק, איצטער ווען מיר פֿערמאָגען הונדערטער נייע מעטאָדעס צו לערנען אונזערע קינדער העברעאיש, מיר האָבען איינגעפֿיהרט פֿיעל מוסטער חדרים אז יודישע קינדער זאָל מען לערנען אַ יודיש וואָרט, בעקענען מיט יודישע געשיכטע, מיט זייער

*) כ"ב ניסן, שמיני של פסח. הזכרות נשמות, שבעה ימים לספירה.

**) פ' קרח, כ"ח סיון.

פֿאָלק און איינוואָרצלען אין זיי ליעבע צו זייער שפּראַך, זיי זאָלען זיך ניט האָבען וואָס צו שעמען אַז זיי װעלען יודען, איצטער, געפֿינט מען פֿאַר נייטהיג ארויסצולאָזען אַ יודישען קאַלענדאַר פֿאַר אזעלכע יודען וועלכע שעמען זיך מיט אַ געדרוקט וואָרט פֿון יודי־שע אותיות.

ואָל זיין אז דער ערפֿינדער האט אזא קאַלענדאַר ארויסצולאָזען געפֿונען פֿאַר זיך אלס אַ גוט געשעפֿט. דאס איז ניט קיינעמס זאך, טרויריג איז נור דאָס, וואָס, ווי עס ווייזט אויס, געפֿינען זיך נאָך ביי אונז אַ גאנץ גרויסע צאָהל יודען וועלכע שעמען זיך מיט אַ יודיש וואָרט.

— ווי אזוי פֿערקויפֿען זיך די נייע קאַלענדאַרען, פֿרעג איך ביי די בוכהענדלער.

— נישט שלעכט, ענטפֿערט מען מיר — עס איז נאָך אַ נייע זאך, עס איז ניט לאַנג ארויס, נאר ווען דער עולם וועט זיך דערוויסען, וועט אסך פֿערקויפֿט ווערען, פֿיעל יודען ווילען ניט קויפֿען קיין יודישען אבריים־קאַלענדאר מיט יודישע אותיות, ווייל זיי שע־מען זיך איהם אויפֿצוהייננגען אויף דער וואַנד, נאר אזא יודישען קאַלענדאַר אָהן יודישע אותיות ועלען אסך קויפֿען.

אז דאָס אַלעס איז ריכטיג, איז דער בעסטער בעוויי: וואָס ה׳ ראסקין האָט גע־פֿונען פֿאַר נייטהיג ארויסלאָזען אזא יודישע סחורה און זיך בעוואָרענט אז קיינער טאָר ניט נאָכמאכען זיין טייער ערפֿינדונג פֿאַר „שעמענדיגע יודען״.

און דאָס אלעס קומט פֿאָר ווען מיר האַלטען אזוי ווייט אַז מיר פֿאָהרען שוין ב״ה אויף דעם 5־טען ציוניסטען קאָנגרעס וואו פֿון יודישע דעלעגאטען אויס אלע עקען וועלט וועלען מיר הערען: „אונזער פֿאָלק״, אונזער לאַנד״, „אונזער באנק״, „אונזער שפּראַך״.

א וואונדערליך פֿאָלק דאָס דאָזיגע יודישע און וואונדערליכע זאכען קומען ביי איהם פֿאָר!

* * *

היינטיגער חודש איז א ציוניסטישער — „אַ קאָנגרעס־חודש״. ווען איך שרייב מיין היינטיגען „ראש־חודש״ ווייסט מען נאָך גאר ניט וואס הערט זיך אויף דעם קאָנגרעס. „וואָס האט געזאָגט הערצל?״ „און וואס האט געזאגט נאָרדוי?״ דאָס אלעס וועט מען וויסען די טעג. היינט־מאָרגען, איצטער קען איך אייך נור דערצעהלען אז דער עולם איז שטאַרק פֿערנומען מיט דעם פֿאָהרען קיין באזעל אויף דעם קאָנגרעס.

און מיינט ניט אז אויף דעם איצטיגען 5־טען קאנגרעס איז אזוי גרינג צו פֿאָהרען ווי אויף די פֿריהריגע פֿיער קאָנגרעסען. מען איז שוין אזוי געוואָהנט געוואָרען צו פֿאָהרען קיין באזעל אין דער שווייץ אַזוי ווי פֿון בערדיטשוב קיין מאחנאוזקע. אפילו אויף דעם פֿאָריגען 4־טען קאָנגרעס אין לאָנדאן, וואו מען האָט בעדאַרפֿט אויך אביסיל זיך שיפֿען אויף דעם וואסער, האָט ביי יודען גאָר ניט אויסגעמאכט, אַבי מען האט נור געהאט אויף הוצאות איז מען געוועזען פֿערטיג צום קאָנגרעס. געחאַפּט אַ שווארצע קאפּאָטע מיט אַ ווייסען קאָלנער און „מארש״—מען איז געפֿאָהרען. איצטער איז גאָר עפּיס אַנדערש. אויסער הוצאות דאַרף מען נאָך האבען אַ פעלץ מיט אלע אַנדערע נייטהיגע וואַרימע זאכען אין ווינטער צייט.

מיט א פעלץ און מיט א שמויסען היטיל פאהרען אויף דעם קאָנגרעס אין דער שווייץ איז מען נאָך ניט נעוואהנט, עס איז עפּיס פריקרע.

יעדעס מאָל אויף דעם קאנגרעס האבען מיר געזעהן פאָהרען זמערדינע שווארצע, ברוינע און ווייסע קאפעליושען, שענע שטעקעליך אין די הענד אין איצטער פאָהרען פעלצען—טחוירענע, פייענע, בערענע, באָברענע, סאק־סאקענע, פיקסענע און שאפענע, איבערהויפט האָט מען געזעהן אסך פיקסענע אין שאפענע פעלצען.

איינער פון סיביר וואָס איז געפאָהרען אויף דעם קאנגרעס מיט א בערענעם פעלץ, א שמויסען היטיל, קעצענע הענרשקעס און מיט פּימערנע שטיוועל איז פול מיט טענות צום ד״ר הערצל.

— נו, האָט אונז הערצל אָבגעטהון א שפּיצעל, — האט ער זיך געקלאָגט פאר די איבעריגע פעלצען מיט וועלכע ער האָט זיך בעגעגנט אין איין וואַגאָן אויף ווארשאַ־וועך־וויענער באַהן, — נו, האָט ער אינז אָבגעטהון! אויף דעם קאָנגרעס פאהרען אין א פראָסט מיט שנייען און זאווערוכעס מיט פעלצען און מיט אזוי פיעל פעק אז מען קען זיך קוים רירהרען! אויף דעם קאָנגרעס דארף מען פאָהרען אין דער צייט ווען מען עסט פרישע וויינטרויבען—נאט אייך נאָר אַ קאָנגרעס מיט פעלצען. טשיארט ונאיעט טשטאָ עטא טאקאָיע!

איניגע האָבען דעם סיביריאק געטרייסט או באלד פון יענער זייט גרענעץ איז אזוי ווארים ווי זומער אין חורש תמוז, אז דער שוויים קאפּעט פון פנים איבער דער הימע.

— נוט איז הערצלן וואָס ער וואָהנט אין אויסלאַנד וואו עס איז ווארים און וועט ניט דאַרפען פאָהרען קיין באַזעל אין א פעלץ, האָט זיך דער סיביריאַק אלץ נעברוגזט.

היינט מיט וואָס פאַר א אויגען וועלען אויף דעם היינטיגען קאָנגרעס קוקען די באַזעלער איינוואָהנער, די שווייצארצעס?

קוקענדיג אויף די פערשיעדענע פעלצען און שמויסענע היטלען וועלען זיי מיינע אז עפּיס אַ נייע פאָלק קלויבען זיך איצט צוזאמען אויף אַ קאָנגרעס, ווייל לויט זייערע ווארימע קליידער וועלען זיי ביי זיי אין די אויגען אויסזעהן ווי „יאקוטען". „קאריאקען". „סאמאיעדען". אָדער „עסקימאסען".

יאָ, „ד״ר הערצל האָט אָבגעטהון אַ גוט שפּיצעל" וואָס מען האָט דעם 5-טע קאָנגרעס אָבגעלעגט פון זומער אויף ווינטער.

נאָר וואָס איז דער חילוק זומער צי ווינטער, מיט ווארימע פעלצען אָדער אָהן ווארימע פעלצען, דער עיקר איז מען זאָל פאָהרען אויף דעם ציוניסטישען קאָנגרעס מיט ווארימע יודישע הערצער. און וואָס מעהר עס וועלען פאָהרען אזוינע יודישע הערצער איז אַלץ בעסער פאַר אונזער פאָלק.

ס ו פ ר.

# יודישע וויטצען *).

צונויפגעקליבען און בעארבייט

דורך ר י ש.

---

### 1) אגרויסער בעל־חוב.

א אָרים יונגיל איז געקומען אין א גרויסער קלייט בייטען א נדבה. נאָכדעם וואָס ער האָט שוין בעקומען די נדבה, שטעהט ער נאָך אַלין און קוקט און בעטראַכט די קלייט אין אַלע זייטען.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פערקוקט, יונגעלע? — פרעגט איהם דער בעל־הבית פון דער קלייט מיט א שמייכעל.

— איך קוק נור און קלער ביי זיך — ענטפערט דאָס אָרים יונגיל — אז ווען מיין מאַמע, וואָס האלט א קליין קרעמיל, וואו אינגאַנצען די סחורה בעטרעפט נישט מעהר ווי א פאָר רובל, איז זי אויך שולדיג אָפּשר צעהן קערבליך, — היינט אז ביי אייך געפינט זיך אין קלייט אַזוי פיעל סחורה, וואָס פאַר א בעל־חוב דאַרפט איהר שוין זיין!...

---

### 2) די האר זענען ניט מיינע.

א סוחר, וואָס זיינע געשעפטען האָבען געהאַלטען זעהר שמאָל, איז אַמאָל אויפגעשטאַנען אין דער פריה פון בעט מיט א קאָפ פול מיט פעדערען און פער־טראָגענערהייט אַזוי אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. בעגעגענט איהם א גוטער פריינד זיינער און פרעגט איהם פערוואונדערט: וואָס איז די מעשה, וואָס ער האָט נישט פערקעמט אביסיל די האָר פאַר'ן אַרויסגעהן אין גאַס?

— פערשטעהסטו מיך, גוטער ברודער, — ענטפערט דער סוחר — דיר מעג איך דאָך זאָגען דעם רעכטען אמת, דו ווייסט געוויס קיינעם ניט געהן דערצעהלען: איך בין, ניט פאַר דיר געזאָגט, שוין אַזוי פערבאָדען אין חובות, אז די האָר פון קאָפ זענען ניט מיינע. היינט פאַר וואָס־זשע זאָל איך גלאַט נעהמען קעמען פרעמדע האָר.

---

*) אין דעם צווייטען העפט וועט קומען איין בעזונדער ארטיקעל וועגען דעם ווערטה פון יודישע וויטצען.

ר ע ד.

## 3) שלאפט געשמאק.

דער געוויסער הערשעל אסטראפאליער האט אמאל גערופען פון שול א ארימאן פאר א אורח צו זיך אויף וועטשערע. אז ער איז געקומען מיט'ן אורח אהיים, האט איהם דאס ווייב גאנץ פיין מקבל פנים געווען, ווי עס געהער צו זיין:

— קבצן וויסטער! האסט אליין נישט קיין ביסען ברויט אין מויל, ברייננסטו נאך אויף מיין קאפ צופיהרען מיט זיך ארימע לייט אורחים!

— וואס הערט איהר זי? — זאגט הערשעל צום אורח — לאז זי זיך שרייען די ארורה, און איהר טהוט זיך אייערס: נעמט, מיין ליבער יוד, אייער קלימעקיל צו קאפענס און לעגט זיך שלאפען און שלאפט געשמאק.

---

## 4) וועלען מיר עס ביידע עסען.

א שכור'ער שניידער האט גערופען צו זיך איין ארימאן אויף וועטשערע.

קוים האלטענדיג זיך אויף די פיס, קומט ער אריין אין שטוב און זינגט זיך אונטער דאס ליעדעלע: "אבינו מלך, דאס הארץ איז מיר פרעהליך".

— דוואסיע — מאכט ער צום ווייב — א־נו זאג נור, וואס האסטו געקאכט וועטשערע?

— א קרענק — רופט זיך אב דאס ווייב קורץ און שארף.

— וועלען מיר עס ביידע עסען — זאגט ער צום ארימאן.

---

## 5) געוואלט געבען א פאר פעטש.

איינער דערצעלט דעם צווייטען: נעכטען בין איך געוועהן ביי א בייזען פריץ און מיט איהם געטענה'ט, אזוי לאנג אזוי ברייט, ביז ער האט מיר געוואלט געבען אפאר פעטש.

— פון וואנען ווייסטו — פרעגט איהם יענער — וואס דער פריץ האט געוואלט.

— פון וואנען איך ווייס? ווארום ער האט מיר טאקי געגעבען.

— וואס־זשע זאגסטו, אז ער האט געוואלט?

— וואס דען, ער האט ניט געוואלט? א שכל! ווען ער זאל ניט וועלען, וואלט ער דאך מיר ניט געגעבען...

# אַפּאָריזמען.

אונגליקליך איז דער מענש וועלכער איז פֿערהאַסט ביי אַלעמען,
געפֿערהרליך אָבער איז דער מענש וואָס איז בעליעבט ביי אַלע.

*

אַרים איז דער, וועמ'ער עס איז רייך אין פֿערלאַנגען.

*

קליין און שוואַך איז די מילב און גראַבט אונטער די גרעסטע בערג.

*

דער ערגסטער טויבער — איז דער וואָס וויל נישט הערען;
דער ערגסטער בלינדער — דער וואָס וויל נישט זעהען.

*

ווער עס איז געוואָהנט צו נאַרען דעם צווייטען —
נאַרט סוף כל סוף זיך אַליין.

*

ווער עס מיינט אַז ער נאַרט אָב די גאַנצע וועלט —
נאַרט באמת נור זיך זעלבסט.

*

זעהר ווייניג מענשען ווייסען, וויפֿיעל מען דאַרף וויסען,
אום צו וויסען, ווי ווייניג מיר ווייסען.

*

אַלע ווייסען אַז 2 מאָל 2 איז 4. דאָס רוב מענשען אָבער געדענקען דאָס זייער זעלטען און אז מען בעטראַכט זייערע מעשים דוכט זיך אויס, דאָס זיי סטאַרען זיך צו בעווייזען דאָס 2 מאָל 2 איז 5.

*

דער גן-עדן און דער גיהנום — ביידענס אָרט איז אין דעם מענשענס האַרץ.

*

דעם מענשענס האַרץ איז ווי אַ קליין קינד — אַ מינוט וויינט עס, אין אַ מינוט הערום לאַכט עס.

*

די געפֿעהרליכסטע געוועהר — איז די צונג; —
מענש, זיי פֿאָרזיכטיג מיט דיין געוועהר!

*

כעס — איז אַ משוגעת אויף אַ קליינע צייט.

*

נישט שטענדיג ביזט דו מחויב צו זאָגען וואָס דו ווייסט —
נאָר תמיד מחויב צו וויסען וואָס דו זאָגסט.

ווער עס קען נישט שווייגען — דער פערשטעהט נישט צו רעדען.

*

שענע ווערטער אָהן גוטע מעשים — איז ווי בלומען אָהן פירות.

*

גלייכער צו פערטראָגען פערדרוס פיר שווייגען —
איידער מען זאָל זיך בעשולדיגען פיר צופיעל רעדען.

*

נור פון אונז אַליין הענגט אָב וואָס מיר זאָלען פון זיך מאַכען. דער מענשליכער אָרגאַן איז א גאָרטען און דער סאַדאָווניק (דער גערטנער) איז דעם מענשענס רצון.
אויב ער זאָל פערזעטצען דעם גאָרטען מיט קראפיווע אָדער מיט סאלאטע און קימעל; מיט דערנער אָדער רוזען; מיט איין מין אדער מיט פערשיעדענע מינים געוועכסע; פערלאָזען דעם גאָרטען, אָדער בעאַרבייטען פלייסיג, גוט הערומזעהן עס זאָל הערויסקומען גוטע פירות — אַלעס, אַלעס הענגט אָב נור פון'ם סאדאָווניק אַליין.

*

אויפהויבען א געפאַלענעם — איז נאָך ווייניג, מען דאַרף איהם נאָכהער אונטער-האַלטען.

*

כמעט יערער בעקלאָגט זיך אויף זיין שוואַכען זכרון —
אויפ'ן שכל אָבער — קיינער נישט.

*

אונזערע גוטע פריינד אַנטלויפען פון אונז אָדער דורך זייער גליק, ווען זיי דאַרפען שוין נישט צו אונזער הילף, אָדער דורך אונזער אומגליק ווען מיר דאַרפען אַם נייטהיגסטען זייער הילף.

*

דער וואָס שטעהט הויך מוז לײדען פון פערשיעדעע שטורם-ווינדטען.

*

עדציהען קינדער הייסט — זיי לערנען ווי זיי זאָלען זיך בעגעהן אָהן אונז.

*

די בעסטע ערציהונג איז די, וועלכע לערענט דעם מענשען זיך זעלבסט צו ערציהען.

*

קינדער אָהן ערציהונג זענען אונגליקליכער ווי קינדער יתומים אָהן עלטערן.

דער הקרן.

## פון דער רעדאקציע „יודישע פאמיליע".

שריפטשטעלער און הערויסגעבער וואס ווילען זייערע ווערק זאלען דערמאָנט ווערען אין אונזער זשורנאַל דאַרפען צושיקען איין עקזעמפלאַר אויף די אדרעסע פון „אחיאסף" פיר „די יודישע פאמיליע". —

1902 דער אבאנעמענט אויף דעם יאהר 1902

יאהרגאנג. # „דער יוד" פיערטער

ערשיינט יעדע וואך.

די איינציגע צייטונג פאר דעם יודישען פאלק אין דער שפראך וואס ער רעדט און פערשטעהט. די איינציגע צייטונג וועלכע קענען לעזען קליין און גרויס, יונג און אלט.

ביזהער זענען געווען אין דעם „יוד" ארטיקלען פון די דאזיגע שרייבער:
אבראמאוויטש ש. י. (מענדעלי מוכר ספרים), מ. א. אייזענשטאדט דר., אמת, אש ש. ביאליק ח. נ., בעל מחשבות, בערנפעלד ש. דר., בן-עמי, בריינין ר., דינענזאהן י., הורוויץ ח. ד., האדרעי אבגד, וויסבערג י. י., א. זינגער, יפה ל., לוריא ייסף דר.. לילענבלום מ. ל., לעווינסקי א. ל., לעווין ש. דר., מאנדעלשטאם מ. פראפ., נאמבערג ה. ד., ספעקטאר מ., פינסקי ד., פרוג ש., פריעדבערג א. ש., פרישמאן דוד, פרץ י. ל., רייזען א., ציטראן ש. ל., קלויזנער יוסף, ראבינצקי י. ח., ראזענפעלד מאררים, ראזענפעלד ש., ראבינאוויטש א. ז., שאך פאביוס, שולמאן א., שטיינבערג י., שלום עליכם און נאך פיעל אנדערע.

די ביזאהעריגע פראגראם פון „יוד" ווערט פון ניי-יאהר פערגרעסערט און וועט בעשטעהן פון די פאלגענדע אבטהיילונגען:

I. לייטארטיקלען, — II. פובליציסטיק, — III. פאליטישע איבערזיכט. — IV. די יודישע וועלט. — V. אלגעמיינע וועלט-נייעס. — VI. צייטונגס-שטימען. — VII. יודישע שטעדט און שטעדטליך. — VIII. צווישען אינז געזעדט. — IX. צייטונגען פון דער וואך. — X. מען שרייבט אונז. — XI. בעלעטרעסטיק. — XII. שירים. — XIII. היסטארי-שעס. — XIV. ארץ ישראל. — XV. ביאגראפיעס. XVI. פאפולערע וויסענשאפטליכע ארטיקלען. — XVII. קריטיק. — XVIII. פעליע-טאנען. XIX. די גרויסע וועלט. — XX. נייעס אויס דער וויסענשאפט.

מיט דער ערשטער נומער פון דעם נייעם יאהר האבען אלע אבאנענטען בעקומען אומזיסט א וואנד־קאלענדאר פראכטפאל געדרוקט אין 3 פארבען, וועלכער וועט ניטצען דאס גאנצע יאהר פיר יעדעם יודישע הויז.

אלע נייע אבאנענטען וועלען בעקומען אומזיסט דעם אנהויב פון דער ער-צעהלונג „חשמונאים" פון א. ש. פריעדבערג און אויך די ערשטע ערצעהלונגען פון דער סעריע „קליינע מענשעליך" פון שלום עליכם.

אבאנאמענט פרייז פון דעם „יוד":

יעהרליך — 5 רובל, האלביעהרליך — 3 רובל, פיערטעליעהרליך — 1 רובל 50 ק., פאר 1 מאנאט 60 קאפ. יעהרליכע אבאנענטען קענען אויך אויסצאהלען די 5 רובל אין 3 ראטען: ביים אבאנירען: 2 ר' דעם 1-טען אפריל: 2 ר' און דעם 1-טען אויגוסט די לעצטע ראטע — 1 ר'.

# „די יודישע פאמיליע"

## א מאנאטליכער יודישער זשורנאל פיר ליטעראטור און וויסענשאפט.

דאס וואס איז ניט מעגליך צו געפינען אין א צייטונג, ווייל איבער די טעגליכע צייטונגס נייעס און לעבענס פראגען קען מען ניט דרוקען קיין גרויסע ווערק, וועלען די לעזער אין זשורנאל „די יודישע פאמיליע" געפינען — גאנצע ווערק אריגענעלע און איבערזעטצונגען פון די בעסטע יודישע און די בעוואוסטע אייראפעאישע שרייבער.

### דער זשורנאל „די יודישע פאמיליע" ענטהאלט פאלגענדע אבטהיילונגען:

א) גרויסע און קליינע ראמאנען און ערצעהלונגען פון יודישען לעבען אין די נייע און אין די אלטע צייטען. — ב) היסטארישע און וויסענשאפטליכע ארטיקלען. — ג) רייזע בעשרייבונגען אין די ווייטע מדינות, אויך ערצעהלונגען פון דער נאטור געשיכטע. — ד) לעבענס-בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער און פרויען. — ה) בעשרייבונגען וועגען אלע לענדער וואו יודען וואהנען, איבערהויפט ארץ ישראל — ו) קריטיק איבער נייע ביכער און ביבליאגראפיע. — ז) נוטצליכע ידיעות וואס יעדער מענש דארף וויסען אין זיין הויז, זיין פאמיליע. — ח) נייע ערפינדונגען, אנעקדאטען, גלייכע ווערטליך, פאלקסליעדער, שפריכווערטער און שכל'דיגע רעד פון גרויסע לייט.

אויסער דעם געפינט זיך אין מאנאטליכען זשורנאל א בעשטענדיגע אבטהיילונג מיט דעם טיטעל: **ראש חודש** וואו עס וועט גערעדט ווערען וועגען טעגליכען און וואכענדיגען יודישען לעבען אין חודש.

דער זשורנאל ערשיינט פינקטליך יעדען מאנאט א ביכיל אבאנאמענט פרייז פון דעם מאנאטליכען זשורנאל „די יודישע פאמיליע": יעהרליך 4 ר׳; האלביעהרליך 2 ר׳; פיערטעליעהרליך 1 ר׳, יעדעם מאנאטליכע העפט 40 ק.

ווילענדיג אז דער נייער זשורנאל זאל צווישען די יודישע פאמיליעס פערברייטערט ווערען האבען מיר בעשלאסען אז פאר די אבאנענטען פון „יוד" איז דער פרייז פון דעם מאנאטליכען זשורנאל:

### „די יודישע פאמיליע" נר׳ 1 רובל (פארטא 50 ק.)

מיר ווילען האפען אז אונזערע לעזער און גוטע פריינד וועלען זיך מיה געבען צו פערברייטען אונזער וואכענבלאט מיט דעם מאנאטליכען זשורנאל, ווייל אזא ביליגער פרייז איז אויסגערעכענט אויף אגרויסע צאהל אבאנענטען.

די רוסישע אבאנענטען וואס שרייבען אויס דעם „יוד" אויף אויסצאהלען אין ראטען קענען אויך דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע" אויסשרייבען אויף אויסצאהלען אין די ערשטע צוויי ראטען פון „יוד": בייב אבאנירען 50 קאפ. און 25 קאפ. פארטא און דעם 1-טען אפריל 50 קאפ. און 25 קאפ. פארטא.

די אדרעסע: Administration „Die Jüd. Familie", Krakau, Gertrudagasse 16.

פיר רוסלאנד: Товарищество „Axiacафъ", Варшава, почтовой ящикъ 25.

פערזענליך: טיוארדא 6.

„DIE JÜDISCHE FAMILIE" — M natschrift.

Verlag „Achiasaf". – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.

Druck von Josef Fischer in Krakau.